פערלאג „רוסלאנד-אמעריקא"

# אין שטראם פון לעבען

ערצייהלונגען פון דעם אידישען לעבען אין אמעריקא

פון

ה. ארדיטשעוו.

הויפּטפערלאג

רוסלאנד:

ווילנא, י. פּיראזשניקאוו.

דרוק אנשטאלט

אמעריקא:

נו-יארק, מ. מייזעל.

422 גרענד סט.

# ВЪ ПОТОКѢ ЖИЗНИ

Собраніе разсказовъ **Г. ОРДИЧЕВА.**

Вильна тип. И. І. Пирожникова, Завальная ул. д. № 24.

1909

# גֶעפַאנְגֶען

(אַ מעשה'לע)

אין אַ וואַלד האָב איך געבלאָנדזשעט. אין אַ געדיכטען וואַלד.
און בלאָנדזשענדיג האָט מיך אַהין געצויגען,
פֿון וואַנען ס'האָט דער עכאָ'ס קלאַנג
דעם רויש פֿון שווערע וועסלעס איבער אַ וואַסער פלאַך,
מיט ווייכען, שטילען פליאָסק מיר צוגעטראָגען.
מיך האָט אַהין געצויגען.
איך בין געגאַנגען. אַ שמאָלע שטעשקע האָט דעם וועג געוויזען מיר.
די זון האָט הויך געברענט אין הימעל און דורך די דיכטע
בוימ'ער=צווייגען,
האָט זי געקוקט אויף מיר מיט טויזענד שטראַהלען=אויגען.
געקוקט, געוואַרעמט מיך, געבריהט, און איהר וויא אויף להכעיס,
האבען די גרויסע שאָטענס פון די בוימער געלאַשצעט מיך, געקיהלט.

די בוימער האָבען שטיל געשאָקעלט זיך אין ווינט,
געפליסטערט און גע'סודיעט זיך—גערעט אַ בלעטער שפּראַך
וואָס נור די פֿויגלען האָבען פאַרשטאַנען און געענטפערט מיט
געזאַנג...

געזונגען האָבען זיי, געשפרונגען
פון צווייג אויף צווייג, פון בלום אויף בלום צום טאַקט און חן
פון יענע קלאַנגען אין דעם וואַלד, וואָס גיסען זיך צונויף
מיט יעדען זשומזשען פון אַ פליג, אַ שפערלינג און אַ שמעטערלינג,
מיט יעדען פּישטש און קוויטש און גרילץ פון וועווערקע און
קראָט און גריל,

מיט יעדען ברום און רעווע און געשריי
פון ווילדע היות אַלערליי...
איך בין געגאַנגען. די גרעזעלעך, די יונגינקע, האָבען געקוקט
צו מיר
מיט חן'עווּדיגע אייגעלעך פון זילבער קלאָהרען טוי.
געוואונקען האָבען בשמים'דיגע בלומען מיט אַ זיסען שמייכעל
צו דער זון—צום לעבען—האָבען זיי די פיעל קאָלירטע קעפּעלעך
מיט שטאָלצען מוטה געהויבען.
איך בין געגאַנגען, און אונטער מיינע פיס האָבען געקרעכצעט
מיט יעדען טריט
די צווייגען טרוקענע, די בלעטער געל-פאַרוועלקטע.
געקנאַקט-מיט טאַקט
צו יעדען קראַך און קלאַנג און טראַך—דעם אוי-געשריי
פון גוסס'דיג פאַרטריקענטע, פון אַלטע, טויטע בוימער.
בעצויבערט האָט דער וואַלד מיך אויף מיין וועג.
בערוישט האָט מיך די גרויסע, גרויע מאַכט.

פאַר׳כשופט האָט מיך די סימפאָניע פון קלאַנגען און געזאַנגען!...
און איך בין אַליין געגאַנגען....

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

געפירט האָט מיך דער וועג צו אַ גרויסען וואַסער שפּיגעל.
אַן אָזערע וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט
מיט בלוילוך־גאָלדענעם גלאַנץ צווישען בערג און וועלדער,
און האָט אין טהאָל—אין גרויסען, ברייטען—
געלעבט מיליאָנען יאָהרען שוין.
בייטאָג—געשפּילט זיך מיט די שטראַהלען פון דער זון;
ביינאַכט—שטיל און טרוימעריש געדרעמעלט און געשלאָפען
בעדעקט מיט שוואַרצע שטערענדיגע הימלען.
און אַ מאָל גאָר—
אי ביי טאָג, אי ביי נאַכט
געקריגט זיך מיט די ווינטען...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איף דעם קלאָהרען, קריסטאַל קלאָהרען, גאָלד געפאַרבטען וואַסער שפּיגעל
האָט זיך גרינג געהוידעט און געוויגט אַ שיפעלע, אַ קליינס.
אַ שיפער איז אין דעם געזעסען. יונג און שטאַרק איז ער געווען.
מוסקולען פעסטע, ברייטע ביינער, וויא פון שטאָהל געשמיט די ברוסט,
און די שטריכען פון דעם פנים, פון דער זון פאַרברענט,
האבען דורך זיין זעעלע׳ס כשוף מיט אַ צויבער מאַכט געגליהט.
און די אויגען גרויסע האָט געפלאַמט אַ פייער,

און די יונגע לוסט צום לעבען האָט אין זיי געפינעט און געשלאָגען
וויא אַ קוואַל פון באַרג...
געגען איהם איז זי גיזעסען. איהרע וועסלעס אין די ריגגען פעסט
געהאַלטען

האָבען אויף איהר שוים גערוהט.
זי איז יונג—נאָך בלוט און מילך—שיין וויא גאָלד געווען
רויטע וויא די עפעל באַקען, ברוינע האָר אַ קרוין.
רונדע ברוסט, וויא אייטערס פולע, האָבען אין דעם רונד־
געקאַרבטען בוזעם,
האַלב אין דרויסען—וויא אַלבאַסטער־ווייסע לעבענס־פּאָמפּעס—
זיך געהויבען און געפלאַטערט מיט דעם לייוועגדענעם העמד.
און אויף זיי פּאַרש־יט געשפילט זיך האָט אַ יונגער זונען־שטראַהל
וועלכער האָט זיך טויזענד מאָל צעבראָכען
אויף דעם פּערלמוטער קנאָפּף פון איהר אָפענער קאַמזאָלקע...
שיין וויא גאָלר!
נור די אויגען טיפע, בלויע, האָבען עפּעס וויא דערציילט
סודות פון דער זעלע...
ביידע זיינען שטיל געזעסען.
ער מיט האָפענונג פולע אויגען האָט געקוקט איהר אין דער זעלע
און געוואַרט, געהאָפט...
זי האָט שטיל געקוקט אַרונטער און געוואַרט, געשווינען...
דורך דעם פישערס שיפעל, טיעף אין מוטנעם וואַסער גרונט
האָט זי עפּעס זעהען געוואָלט...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

און ער האָט זיין נעץ פאַרוואָרפען ווייט און שטאַרק,

מיט יונגער מאַכט, אַ פישעלע צו כאַפּען.
און ער האָט די עקען שטריק צום שיפעל צוגעבונדען
און האָט ווידער שטיל געוואָרט... געוואַרט...
זי איז געגען איהם געזעסען און האָט אַלץ געטראַכט...
געטראַכט...
נור די זון האָט אנגעפילט דעם גאַנצען רוים מיט ליכט
און די שטראַהלען האָבען שטיל, וויא שפּיזען גאָלדענע געשטיפּט,
געשפּילט זיך מיט דעם בלויען וואַסער,
טאַנצענדיג און בלישצענדיג מיט דעם זיבעטען חן.
נור די וואַסער האָט געלעבט. געהוידעט זיך און שעמערירט
און דאָס שיפעל האָט געוויגט זיך אויף דעם וואַסער פלאַך.
נור די בוימער מיט די שאָטענס—אָבגעשפּיגעלט קאָפּ אראָב —
האָבען זיך געשאָקעלט שטיל אין דעם קיהלען ווינטעל,
און די קולות פון דעם וואַלד האָבען אין דעם פוסטען רוים
ערגעץ וואו געיעבאָ'ט!...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

פלוצלונג האָט דאָס שיפעלע געטהון אַ שטאַרקען ציטער.
אין אָבגרונט, טיעף דאָרט, האָט געציטערט דעם פישערס נעץ...
און די וואַסער האָט געציטערט. און די שפּילענדיגע שטראַהלען
האָבען אויף דעם וואַסער שפּיגעל אויך געציטערט און געטאַנצט.
און אין איהר האָט די נשמה אויפגעוואַכט...
און געציטערט האָט זי —
פול מיט ליעבע...
און די בלויזע אָרעמס איהרע האָבען איהם אַרום געכאַפּט.
און די ליפּען קאַרשען־רויטע האָט זי אויף די ליפּען זיינע

מיט דעם אימפעט פון איהר וועלע פעסט געשלאָסען —
און אַ קוש האָט זיך געהערט.
אַ זילבער קלאַנג האָט זיך פון די זיסע ליפען אָבגעטיילט
און איינגעהילט אין דער ליבעס פייער האָט ער זיך געטראָגען אין דער לופט
פעדער גרינג—העכער, העכער... ביז ער איז פעשיואונדען
אין דעם אייביגען עפיר.
איך האָב דעם קוש געהערט, כ'האָב איהם אין דער לופט געזעהען שוועבען.
וויא אַ רינג—אַ נעבעל-רינג — האָט ער ריינע זעעלען צוויי אַרום געקעטעט...
און איך האָב מיר שטיל געטראַכט אַז אין דעם נעץ האָט דאָ־ט מסתמא
דער שטאַרקער, יונגער פישער—אַ פישעלע געפאַנגען.
אָבער... ווען דער פישער האָט זיין נעץ אין שיפעלע געבראַכט
זיינע דאָרטען צוויי געוועזען— צוויי פישעלעך געפאַנגען.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

גליקליך איז געווען דער פישער, גליקליך איז זי אויך געווען.
פעסט געשלאָסען איינס אין צווייטען האָט ער איהר געקושט דאָס פנים
און אינאיינעם מיט די שטראַהלען האָט ער זיין געזיכט געבאָרגען
אין איהר ווייסער ברוסט.
זי איז אויף זיין האַלז געהאנגען, טרוימעריש פאַרמאַכט די אויגען
שכור פון איהר גליק...
און דאָס שיפעל האָט געוויגט זיך און האָט זיי פאַרוויגט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווידער האָט ער זיינע וועסלעס אין די שטאַרקע הענד גענומען

און איך האָב געזעהען פון ווייטענס וויא זיי זיינען אָבגעשוואומען.
ווייט, אַהין... צו די ברעגעס וואו די בערג און וואו דער וואלד
וואַרפען שאָטענס גרויסע...
לאנג נאָך האָב איך זיי געזעהען צווישען העלען ליכט און שאָטען.
ווייט, ווייט אויף דעם וואַסער שפּיגעל
האָט זיך שטיל געגליטשט דאָס שיפעל
נור ניט צוויי האָב איך געזעהען—ביידע זיינען איינס געווען—
און איך האָב געטרויכט—אַז איינער איז שוין דאָרט פאַרשוואונדען
אין דעם נעבעל רינג געפאַנגען—אין דער ליבעס רינג פאַרשקלאַפט!...

* * *

# די ניט גענדיגטע ערצעהלונג.

זי האָט איהם איבערגעשלאָגען די ארבייט. שטילערהייד איז זי צוגעגאַנגען צו איהם פון הינטען; מיט איהרע האלב־נאקעטע אָרעמס האט זי ארומגענומען זיין איינגעבויגענעם האלז־און־נאַקען. איהר קערפער האָט זיך אַ וויעג געטהון, איהר שיינער קאָפּ מיט די קאשטאַנענע האָר, אָקאָרשט פאַרקעמט פאַר׳ן שלאָף, האָט זיך איבערגעבויגען איבער זיין פנים און איהרע ליפען האָבען אָבגע־דריקט אויף זיינע ליפען אַ שטאַרקען אַהילכיגען קוש.

דער קוש האט משונה׳דיג אָבגעקלונגען אין דעם שטילען צימער און האט זיך מאָדנע אָבגערופען אין זיין נשמה...

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ חלום. אָבער דעמאָלט האָבען שוין איהרע צוויי גרויסע ברוינע אויגען, פול מיט גלי־הענדען פייער, געקוקט אין זיינע טיפע טרוימערישע אויגען אַזוי זיס, אַזוי ליעבליך; און דער כשוף׳דיגער שמייכעל וואָס האָט זיך צעשפרייט איבער איהר פנים האָט איהם פשוט בעצויבערט... אַ פּאָר מינוט האט זי איהם געהאַלטען אין איהרע אָרעמס און האָט זיך געוויגט מיט איהם אין דעם שטוהל, אויף וועלכען ער איז געזעסען ביי זיין אַרבייט, און דער געשמאַקפאָלער גערוך פון איה־

שעהנעם פיכלעם קערפער האָט איהם ביסלעכווייס פערשכור'ט.

און זי האָט געמורמעלט: — דו אַרבייטסט נאָך... אַרבייטסט... אַרבייטסט!..

ער האָט זי נור אָנגעקוקט. אינסטינקטיוו האָט זיך זיין קערפער אויסגעצויגען, האַלב אונטער'ן טיש, ביי וועלכען ער האָט געאַרבייט, און האַלב אויף דעם צוריקגעבויגענעם שטוהל, אויף וועלכען ער איז געזעסען. זיינע הענט האָבען זיך אויסגעשטרעקט אין דער הויך און האָבען זי ליבליך אַרומגענומען און ווידער האָט זיך אין דער שטילקייט פון דעם צימער געהערט אַ קוש.

— גענוג דיר שוין... גענוג, קום... עס איז שוין צייט צו שלאָפען... האָט זי איהם גערופען.

עס איז געווען שפעט ביי נאַכט; זי איז ערשט געקומען פון דער אָפּעראַ. ער האָט די גאַנצע צייט געאַרבייט. זי איז תמיד געווען אַ מונטערע, אַ לעבעדיגע, אַ פריילינגע, און אַ צינד—נאָך דעם, ווי די וואונדערבאַרע מוזיק פון פאַגליאַציאָ האָט אַביסעל צורודערט איהרע נערווען און דאָס טולען זיך צו זיין קערפער האָט דערוואַרעמט די ליבע אין איהר נשמה, האָט איהר פנים געלויכטען מיט אַ בעזונדערען צויבער. איהרע באַקען האָבען געפלאַמט און איהרע אויגען האָבען קאָקעטיש געפינקעלט איבער זיין געזיכט. ער אָבער איז געווען אַ פאַרהלום'טער, אַנ'איינזאַמער טרוימער. אָפט פלעגט ער ווערען היגגעריסען פון אַנ'אינערליכער קראַפט צו בעשאַפען בילדער און מענשען, און גראד איצט האָט ער געשוועבט אין יענע ספערען פון זיין קונסט. ער איז נאָך ניט אַרויס פון דעם רשות פון יענער קראַפט אפילו דעמאָלט ווען זי האָט איהם געהאַלטען אין איהרע אָרעמס. און ער האָט געקוקט אויף איהר, פונקט ווי ער וואָלט געווען ווייט־ווייט פון איהר... עס איז שוין געווען

אַהיבשע צייט זינט זיי האָבען חתונה געהאַט. זי האָט איהם אָבער נאָך אלץ אַזוי שטאַרק ליעב געהאַט ווי אַמאָל. צייטענווייז פלעגט זיך איהר אויסווייזען, אַז זי האָט איהם וואָס אַ טאָג אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער ליעב. און דאָך האָט זי גאַנץ גוט פערשטאַנען, אַז זיי ביידע לעבען צוויי בעזונדערע לעבענס.

זי איז געוועזן אַ יונגע, שעהנע, גוט־געבויטע פרוי, פול מיט לעבען און ענערגיע, און זי האָט שטענדיג געפינען אַנ׳אויסדרוק פאַר איהר זעעלע: אַמאָל אין געזעלשאַפטליכער טהעטיגקייט, אַנ׳אַנדערס מאָל אין וועלטליכע פאַרגעניגענס; מעהרסטענטיילס אָבער—אין דער ליבע צו איהר מאַן און צו איהר היים. אָט פלעגט זי זיך ערשט, דוכט זיך, זאָרגען פאַר די יתומים פון אַ פאַריסטאָר־בענעם אָרימאַן, און אָט פלעגט זי שוין צום צעהנטען מאָל איבער־שטעלען דאָס מעבעל אין איהרע שיינע פאַרפוצטע צימערס. אָט איז זי, דוכט זיך, ערשט געגאַנגען הערען אַ גרויסען זינגער, אָדער זעהען אַ גרויסען אַקטיאָר, און אָט האָט זי שוין גאָר פאַרקאַטשעט די אַרבעל פון איהר לויזער בלוזע, פאַרהאַנגען זיך מיט אַ דינער מאַ־קינטאָשענער שירץ, און געשפּילעט איהרע שיינע האָר מיט אַ ווייסער קיטייקע, און הזָט געבאָדען איהר הינטעלע—דעם „שוואַרצען פודעל״, געפּליאָסקעט זיך מיט איהם אין דער וואַסער, ניט געלאָזט איהם אַנטלויפען, ווען ער האָט זיך געריסען פון איהר, און פערגאַנגען זיך אין אַ קינדערישען געלעכטער ווען ער האָט נערוועז געטרייסעלט זיין קערפער מיט די נאַסע צעשויבערטע האָר.

און... אָט גאָר פּלוצלונג—אינמיטען פון אַנ׳אַרבייט—פלעגט זי ארומכאַפּען איהר מרה־שחורה׳דיגען טרוימער, האַלזען איהם און קושען איהם, און וועלען איך אַ מינוט כאָטש איפּמונטערען לע־בען אין איהם. צווינגען איהם צו טהיילען אין געניסען מיט איה־

איהר לעבענס־לוסט. אָט אַזאַ איז זי געווען.

אָבער גאָר אַנ'אַנדער מענש איז ער געווען. אויך אפילו נאָך גאָר איונגער מאַן, איז ער אָבער געווען אַ מענש וואָס האָט זיך נאָך אַליין ניט געפונען. אַ מענש וואָס טאַפּט און זוכט נאָך זיין וועג... ער איז געווען אַ טרוימער, אַ דיכטער. געלעבט האָט ער אַליין מיט זיין נשמה, מיט זיינע געדאַנקען און פאַנ־טאַזיעס, און פלעגט זיך אָפּטמאָל פילען איינזאַם אפילו אין גאַנץ לעבעדיגער געזעלשאַפט. מאָמענטענווייז—זעלטען ווען—פלעגט נאָך אַ בליטץ טהון לעבען אין איהם, עס פלעגט נאָך אַ פלאַקער טהון אַנ'אַלט פייעריל, אַ העלס, אַ ברענענדיגס; אָבער באַלד פלעגט עס פאַרטונקעלט ווערען דורך די שוואַרצע שאָטענס פון זיין טרויעריגער נשמה; עס פלעגט באַלד פאַרלאָשען ווערען, און ער פלעגט זיך ווידער פילען אַליין—אַליין מיט זיך, אַליין מיט זיינע פאַנטאַזיעס. אַזוי האָבען זי ביידע אין איינעם פערשידענע געלעבט—זי מיט איהר לעבענס־לוסט אין דער געגענוואַרט, ער מיט זיינע האָפנונגען אויף אַנ'אונבעשטימטער צוקונפט.

געאַרבייט האָט ער ביי טאָג און ביי נאַכט. ביי טאָג האָט ער געאַרבייט פאַר אַ גרויסער טעגליכער צייטונג; און איהר האָט ער געשריבען גראַמען, אַפּאָריזמען, רעפּאָרטען און גלאַט אַזוי אַר־טיקלען—אַלץ וואָס מען האָט איהם געהייסען. אָבער ניט דאָס וואָס ער האָט געוואָלט, וואָס זיין נשמה האָט געלוסט. אַלע האָ־בען געוואוסט אַז ער איז אַ מענש מיט אַ טאַלאַנט, אַז ער האָט אַ קינסטלערישע זעלע און ליידעט ביי זיין טעגליכער אַרבייט, אַז זיין נשמה צעשפּרינגט אין שטיקער פון איהר לאַסט; אָבער ווער האָט איהם דען געקענט העלפען? אַז אַלעס וואָס ער האָט גע־שריבען אויסער דער רעדאַקציע האָט ניט געטויגט. עס האָט זיך

ניט צוגעפּאַסט צו דעם געשמאַק פון דעם רעדאַקטאָר, און האָט דערפאַר אין דער וועלט פון מסחר גאָר קיין ווערט ניט געהאט. און אַזוי פלעגט ער שרייבען ביי טאָג אַלץ וואָס מען האָט איהם גע־הייסען—ער האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט—דאָס איז גע־ווען דער איינציגער קוואַל פון וועלכען ער האָט געשעפּט זיינע אָרימע לעבענס־מיטלען.

דערפאַר אָבער ביי נאַכט, ווען אַלעס איז געוואָרען שטיל און רוהיג אַרום איהם, ווען ער האָט זיך אונגעשטערט געקענט סוד'ען מיט זיין אייגענער נשמה, בעפריים פון דעם בייטאָגעדינגען יאָך, און לאָזען זי פאַנאַנדערשפּרייטען איהרע גרויסע גרינגע פליג-לען, אויפהויבען זיך מיט איהר און טראָגען זיך צווישען די וואָל-קענס און שטערען, פלעגט איהם עפּעס אַ וואונדער־ליכט בעלייכ־טען די ערד, אַ וואונדער־גייסט פלעגט זיין זעלע בעלעבען און ענטפלעקען פאַר איהם אונענדליכע פאַנאָראַמעס פון בילדער און מענשען, און ער פלעגט זיי מאָלען און מאָלען—די מענשען און די בילדער—מיט שיינע ווערטער און העלע פאַרבען אין פלעגט אַריין בלאָזען אין זיי יענעם גייסט וואָס האָט איהם אַליין בע־לעבט—און זיי פלעגען לעבען ... אין ער מיט זיי.

ריזען אָבענד האָט ער אויך געלעבט, געשוועבט אין די עולמות פון בעגייסטערונג. ער האָט געמאָל'ען בילדער, געשרי־בען ... געאַרבייט.

ווען זיין ווייב איז געקומען פון דער אָפּעראַ, איז זי שטי־לערהייד אַריין געגאַנגען אין דעם פאָדערצימער אויסטהון זיך. זי האָט געמיינט אַז ער שלאָפט שוין לאַנג און האָט איהם ניט גע־וואָלט אויפוועקען מיט איהר קומען. באַלד אָבער האָט זי בע־מערקט אַז אין דעם ווייטעסטען חדר'ל ברענט נאָך דער גרינע־

אַבאַזשורע אויף זיין שרייב־טיש און צעגיסט דורך דעם מענטעלע איבער'ן פלאַם אַ גרויסען קרייז פון ווייסער ליכט. ער איז געזע־סען איבערגעבויגען איבער'ן טיש און האָט געשריבען. זי האָט גוט געקענט דאָס ליכט און די איינגעהויקערטע פיגור ביים טיש... און עס האָט זי אַ קלעם געטהון ביים האַרצען...

— ער זיצט נאָך... ער ארבייט נאָך... האָט זי אַ טראַכט געטהון.

און איהר האָט זיך פאַרוואָלט אַ לאַשצע טהון איהם, אַ גלעט טהון, צוטולען איהם צו זיך און דערוואַרעמען זיין איינזאַמע נשמה, זאָגען איהם עפּעס ליעבעס, זיסעס, דערציילען איהם ווי שיין מען האָט געזונגען אין דער אָפּערא, ווי ער—דער גרויסער איטאַליעני־שער טענאָר האָט געטליך געזונגען די אַריע פון פאגליאַציאָ. איהר האָט זיך פאַרוואָלט טהיילען מיט איהם דעם גרויסען פערגעניגען וואָס זי האָט געהאַט, און אָנצינדען אין איהם אויף אַ רגע דעם פלאַם פון לעבען...

זי האָט זיך גיך אויסגעטוהן, פאַרקאַמט איהרע שיינע שמע־קענדיגע האָר צום שלאָף, און האָט אַרויפגעוואָרפען אויף איהר שיינעם קערפּער אַ דינעם יאַפּאַנעזישען מאַנטעל, און איז שטיל, אונבעמערקט צוגעגאַנגען צו איהם. אָט דעמאָלט האָט זיך אין צי־מער דערהערט דער קלינגענדיגער קוש... און זי האָט איהם אי־בערגעשלאָגען די אַרבייט.

— גענוג דיר שוין צו אַרבייטען... גענוג... האָט זי מיט קינדערשער ווייכקייט גערעט צו איהם, און האַלטענדיג איהרע הענט אַרום זיין נאַקען איז זי האַלב געשטאַנען, האַלב געלעגען ביי זיין זייט און האָט אַריין געקוקט אין זיינע טיפע טרוימערישע אויגען.

— ס'איז צייט צו רוהען, ס'איז צייט צו שלאָפען ... ביז וואַנען איז דער שיעור צו אַרבייטען ?

אָבער ער האָט שוין ניט געאַרבייט. זי האָט איהם איבערגעשלאָ־גען די געדאַנקען. די פען איז געבליבען שטיין אויפ'ן האַלבען וואָרט, און יענע נשמה יתירה וואָס האָט זיך ערשט געטראָגען אין די וועלטען פון לעבען און בילדער, איז אויפ'ן האַלבען וואָרט פאַר־גליווערט געוואָרען. איצט—אין איהרע אָרעמס, מיט זיינע הענט אַרום איהר האַלז, אונטער איהר אָטעם וואָס האָט איהם פאַר־כשופ'ט, האָט ער צוגעמאַכט די אויגען און איהם האָט זיך גע־דוכט אַז ער וואָלט אַזוי איינגעשלאָפען און זים געחלומ'ט... אַן־אַנדער חלום...

און זי האָט זיך געוויגט מיט איהם הין און צוריק אין דעם שטוהל אויף וועלכען ער איז געזעסען, און האָט איהם פּאָרווינגט אין דעם נייעם, זיסען חלום... יענע אַרבייט וועט ער שוין ניט ענדיגען... ווער ווייסט ווען זיין נשמה וועט זיך ווידער אומקערען צו איהר ?.. און וועט זי זיך גאָר אומקערען צו יענעם בילד ? צו יענער בענייסטערונג, מיט וועלכער ער האָט איצט געמאָלען ?.. ווער ווייסט ?

און ער האָט, דוכט זיך, געמאָלען אַ שיין, אַ וואונדער־שיין בילד !..

* * *

און דעוז ביי איהם האָט זיך פון פיצעלע־ווייז אויף געהאָ־דעוועט אַ גרויסאַרטיגע, שיינע קאַץ; און איינעם מיט דעם קליי־נעם שוואַרצען הינטעלע—דעם „שוואַרצען פודעל" האָט זי געלעבט און געהאָדעוועט זיך. ביידע האָבען זיך ליעב געהאַט ווי אַ שווע־סטער מיט אַ ברודער. ביי זיי איז כמעט פאַרשוואונדען די נאַ־

טירליכע פיינדשאַפֿט פון די צוויי מינים חיות. אפילו ווען זיי זע־
נען עלטער געוואָרען פלעגען זיי זיך נאָך אַלץ ליעב האָבען. זיי
פלעגען זיך שפּילען אין איינעם און אָפּטמאָל עסען פון איין טע־
לער. דאָס הינטעלע—אַ מאוס אפילו—איז אָבער געווען זעהר
אַ קלוגס און אַ דורכגעטריבענער, פאַרשייטער שטיפער. די קאַץ
איז געווען אַ בילד שיינע בעשעפעניש מיט ברייטע, גרויע פאַסען
אין רינגען פון אַ לעמפּערט אויף אַ שוואַרצען זיידענעם פאָנד. זי
האָט געהאַט אַ סימעטריש לענגעריג פּנים און גרויסע אויגען וואָס
האָבען געבלישצעט ווי געשליפען גלאָז. אַ ווייסער פוכיגער פאַס
האָט זיך געצויגען פון איהר שפּיציג מאָרדעלע מיט די שטייפע
גרויע וואָנצען איבער איהר האַלז און איבער איהר בייך. זי איך
פלעגט ליעב האָבען צו שפּילען זיך און שטיפען מיט דעם
הינטעלע.

אָבער ווען זיי פלעגען זיך שפּילען און שטיפען פלעגט דאָס
הויז זיין פול מיט זיי.

אָט פלעגען זיי זיך פאַנאַנדערלאָזען און לויפען איבער די
צימער ווי ווילדע. זי פאָראויס און ער נאָך איהר. און אָט פלעגט
ער זי פאַקען ביים עק, שלעפען איבער'ן פּאָל, רייסען זי און דריי־
ען ישעלמיש מיט'ן קאָפּ, און זי פלעגט אָנפילען דאָס צימער מיט
איהר ביטערליכען יאָמער. אָבער עס איז נור ספּאָרט געווען.
ער פלעגט זי באַלד אָבלאָזען. אַ מאָל, פלעגען זיי אַ שפּרונג טהון
איינער אויפ'ן צווייטען נור טאַקי מלחמה צו האַלטען און אין
אַ סעקונדע אַרום פלעגען זיי שוין ליגען אויפ'ן ווייכען דיוואַן—זי
אויף איהר רוקען, ער אויסגעשפּרייט אויפ'ן בויך נעבען איהר און
האַלטען זי ביים האַלז מיט די ציין—בייסען זי און שטיקען זי נור
צו דערוועגען. אָבער איהר קליין פיסעלע פלעגט איהם ענער־

גיש פאַטשעך איבערין פנים, איהר קערפער פלעגט זיך דרייען ווי
אַ שלאַנג ראַנגלען זיך מיט איהר מערדער, ביז ער פלעגט זי מוּ־
זען אָבלאָזען. דעמאָלט פלעגט ער אויפשפּרינגען, שטעהן אַ ווײלע
ווי אַײנגעגראָבען איבער איהר, און מיט אַ ווילדען פייער אין זיינע
אויגען פלעגט ער זי אָנקוקען. זי אויך פלעגט קוקען מיט אַ פיי־
עריגען בליק אין זיינע אייגען און פלעגט אַנטלויפען פון איהם...
און ער פלעגט איהר ווידער נאָכיאָגען... און ווידער פאַקען...

אַזוי האָבען זיי געלעבט און געוואַקסען אינאיינעם און
פלעגען זיך שפּילען לעבעדיג, פריילין צופרידען.

אָבער זי איז גיכער געוואַקסען פון איהם. גיכער האָט זיך
ענטוויקעלט איהר קערפער, איהר מאַיעסטעטישע פיגור, איהר
שיינקייט. און זי האָט אָנגעהויבען פערנאַכלעסיגען זיין פריינדשאַפט.

אויפ'ן הויף וואו איהרע בעלי הבתים האָבען געוואָהנט האָט
זי אַ שטימע גערופען... אַ שטימע פון איהר אייגענעם מין... ניט
קיין שוואַכע, ניט קיין אויסגעמאַטערטע שטימע איז דאָס געווען...
ניט קיין פאַרפרוירענע שטימע!..

אין דרויסען איז שוין געווען וואַרעם. די ערשטע העלע
שטראַהלען פון דער זון אין פריהלינג האָבען שוין געוויזען זייער
ליבליך שפּילענדיג פנים און האָבען געוואַרעמט מיט דעם היות
פון נייעם, יונגען לעבען. זיי האָבען זיך מיט בלישצענדיגען
עזות נעשפּילט מיט דעם וואַסער פון אַ קליינער לוזשע אין הויף,
און האָבען אָבגעשפּיגעלט אויף איהר אָבערפלעכע אַ גאָלד־גרינעם,
רויטליכען גלאַנץ פון שימעל. די גרויע וואַנט פון דעם זייטיגען
הויז דערביי איז נאָך אפילו געווען בעדעקט מיט די פּאַראַיאָהריגע
קריכענדיגע וויין־צווייגלאַך, אָבער דאָ אין דאָרט האָבען שוין אויף
איהר נעגרינט די נייע בלעטעלעך און האָבען זיך אַלץ געצויגעי

העכער און העכער. דער גרויסער בוים אין די קליינע בוימעל'עך אין הויף האָבען זיך שוין אָנגעהויבען אָנטהון אין גרינס אין אפילו דאָס אַלטע פאַר־פאָלק—די שוועלבעלאַך—האָבען זיך שוין אומ־געקערט און האָבען אין די צווייגען אויף דער וואַנט געזוכט דאָס אָרט פון זייער אַלטער נעסט.

עס איז שוין געווען וואַרעם, און די שטימע וואָס האָט גע־רופען די יונגע שיינע קאַץ איז געווען אַ מונטערע, אַ לעבעדיגע, פיל מיט דער קראַפט פון דעם קומענדיגען פריהלינג... פול מיט לעבענס־לוסט. די קאַץ האָט זיך צוגעהערט צו דער שטימע אין איז אַביסעל געוואָרען פאַרשייט. יענע שטימע האָט זי גערייצט... זי האָט זי גערופען עפעס אויף אַ מין נייעם געננס פון לעבען, וועלכען זי האָט נאָך גאָר ניט פאַרשטאַנען, אָבער עס האָט זי גע־צויגען אַהין... דאָס אונפערשטענדליכע, דער וואַרעמער געפיהל פון לעבען האָט זי געצויגען אַהין, אין הויף אַריין, וואו דער יונ־גער קול פול מיט צאַרטליכקייט און ליבע האָט זי גערופען צו אַ צויבער־טרוים...

און אין די שטילע אָבענדען, ווען דער הימעל וואָס האָט בעדעקט דעם הויף האָט געפינקעלט מיט בריליאַנטענע שטערען, און זיי האָבען זיך אין דעם בלויען רוים אַזוי ווי געוויגט און בע־וועגט, געשושקעט און גע'סוד'עט זיך אין דער הימעלשער ליבע—אין דער שטילער, אייבינער האַרמאָניע—האָט יענער רוף געקלונגען ווי אַ ליבעס־סערענאַדע געגען וועלכער איהר יונגע נשמה האָט ניט אויסגעהאַלטען... און זי פלעגט פאַרפאַלען ווערען ביז שפעט אין דער נאַכט...

דאָס דינסט־מיידעל פלעגט זי שעלטען מיט טויטע קללות דערפאַר. זי פלעגט נעבאַך דאַרפען אויפשטעהען שפעט ביי נאַכט

און אַריינלאָזען די „פריצטע"—ווי זי פלעגט זי רופען מיט קנאה—
אין הויז אַריין.

אָבער דאָס האָט ניט לאַנג געדויערט. אַ קורצע צייט איז פאָראיבערגעגאַנגען און יענע שטימע האָט אויפגעהערט צו רופען... די שיינע יונגע קאַץ איז עפּעס אומעדיג געוואָרען. פלוצלונג איז זי, דוכט זיך, דאַרער געוואָרען. זי האָט זיך אויסגעצויגען, לענ־גער געוואָרען. איהרע זייטען נור האָבען זיך אויפגעבלאָזען און די שיינע גרויע פאַסען זענען ברייטער געוואָרען. צו ברייט—זיי האָבען זי מאוס געמאַכט. איהרע גרויסע קריסטאָלענע אויגען האָבען זיך מיט אַ דין־טונקעל הייטעל איבערגעצויגען. איהר פּיסקעל האָט זיך אויסגעצויגען. עס איז געוואָרען שפּיציג—העס־ליך... באַלד האָט מען געקענט בעמערקען אַז זי ליידעט. קוים וואָס זי האָט זיך אַרום געשלעפּט... צײַטמאָל פלעגט זי מיט שווע־ריגקייט אַרויפשפּרינגען אויף אַ בענקעל, דערגרייכען מיט די פֿע־דערשטע פיס דעם טיש ביי וועלכען איהר בעל הבית האָט געשרי־בען און לאַשצען זיך צו איהם. רייבען איהר קאָפּ איבער'ן טיש און רוקען זיך, שפּילעריש רוקען זיך נעהענטער אין נעהענטער צו זיין שרייבענדער האַנט און קוקען אויף איהם מיט אַזאַ רחמנות בליק, אַקוראַט ווי עס וואָלטען זיך איהר געשטעלט טרערען אין איהרע איבערגעצויגענע אויגען, און זי וואָלט צו איהם געזאָגט:

— זעהסט, ער רופט מיך ניט מעהר... ער... פאַר־שטייסט?.. און זי פלעגט אַזוי שווער אָטעמען, פּאָכען מיט איהר גאַנצען קערפּער וואָס איז געלעגען אויפ'ן טיש.

ער פלעגט זי דעמאָלט אָנקוקען מיט אַ טרויעריגען בליק; מיט זיינע טיפע טרוימערישע אויגען און טראַכטען—

— אונגליקליכע, דו ליידסט...

עס האָט איינגעווייזען ווי עפּעס אַ שווערע מאַסע נאָגט זי און ציהט זי ביי'ם האַרצען און ציהט פון איהר אַלע כחות אַרויס. די לעצטע טעג האָט זי כמעט ניט געגעסען. די היימישע אין הויז האָבען איהר צוגעגרייט אַ ריין, ציכטיג פלאַץ און אַ פאַרבאָרגען אָרט און האָבען זי געלערענט דאָרט זיך צו בעהאַלטען. עס איז ניט שווער געווען זי אויסצולערנען, ווייל עס איז איהר געווען צו שווער אַרומצוגעהן. איהר בעל-הבית—דער וואַכער טרוימער—פלעגט זיך צוקוקען צו דעם בילד. ער פלעגט אָפט אַריין קוקען אין איהרע גרויסע גלעזערנע אויגען און זעהען אין זיי דעם גרויסען טרויער וואָס האָט זיך געפונען אַ געצעלט אין איהר זעלע, און איהם פלעגט זיך אַלץ אויסרובטען אַז זי פרעגט איהם אין-איהר שטום לשון:

— וואו איז ער? וואו איז ער?.. און דער טרוימער האָט זי אויף אַנ'אֶמת ליעב געקראָנען און פלעגט זי אָפט גלעטען און לאַשצען, ווען זי איז ווידער געזונד געוואָרען.

* * *

דעם אָווענד, ווען זיין פרוי איז אַוועקגעגאַנגען אין דער אָפּערא און, ער איז געבליבען אַליין, איז ער אַריינגעגאַנגען צו זיך אין צימער. זיין ליבלינג—די שיינע קאַץ—איז געלעגען אויף דער סאָפע, איהר קערפּער אויף אַ זייט, האַלב אויסגעבויגען; די הינטערשטע פיס צונויפגעלייגט נעבען איהר בויך—די פּעדערשטע אויסגעשפּרייט. אויף זיי האָט גערוהט איהר שיין-פיסקעל מיט די גרויע שטייפע וואָנצען. זי איז געשלאָפען, זיין אַריינקומען האָט זי אויפגעוועקט. פּאַמעלעך האָט זי זיך אויפגעהויבען אויף אַלע פיער. זי האָט שטאַרק אויסגעבויגען איהר רוקען און האָט זיך פויל אויסגעצויגען אין דער הויך, דערביי האָט זי ווייט אויפגע-

עפענט איהר מויל אין האָט אַ גענעץ געטהון מיט אַ משונה׳דיגען קוויטש. מיט איהרע בלישצענדיגע אויגען האָט זי אַ קוק געטהון אויף איהר הער. דער קוק האָט איהם פלוצלינג אַרויפגעבראַכט אויף די פאַסירונגען פון איהר לעבען מיט וועלכע ער איז אַזוי גוט בעקאַנט געוועזן. ער איז צוגעגאַנגען צו איהר און האָט זי פאַמעלעך געגלעט איבער׳ן רוקען און זי האָט פריינדליך געריבען איהר קערפער מיט די סאַמעטענע האָר אָן זיין קערפער.

און די בילדער פון איהר לעבען האָבען אויפגעשוועבט פאַר זיינע אויגען. ער האָט זיי געזעהען אַזוי שאַרף, אַזוי קלאָהר, אַזוי בולט... און זיי האָבען איהם בעגייסטערט.

מעכאַניש האָט ער זיך געזעצט צום טיש. ער האָט גענומען די פען און האָט אָנגעהויבען צו שרייבען. די בילדער און די עפי־זאָדען פון איהר לעבען האָבען זיך פריי געמאָלען און אויסגעוועבט פון שיינע ווערטער איפ׳ן פאַפיער. ער האָט געשריבען און די שטונדען זענען געפלויגען. יעגער שורער געמיטה, וואָס איז ווי אַ שטיין דעם גאַנצען טאָג געלעגען איוף זיין נשמה, איז פאַר־שוואונדען געוואָרען. איהם איז געוואָרען אַזוי גרינג, אַזוי גוט... ער האָט גאָרניט באַמערקט, אַז עס איז שוין אַזוי שפּעט ביינאַכט. ער איז צופיעל געוועזן פאַרטהון אין זיין קונסט, צופיעל האָט זי איהם בעהערשט. זיין בעגייסטערונג האָט זיך פאַנאַנדערגעלאָזט, זיין פאַנטאַזיע האָט זיך צעשפּילט און זיין שעפפונגס־קראַפט האָט געשוועבט צווישען בילדער, פון וועלכע זי האָט אויסגעוועבט דאָס לעבען—דאָס געהמיימניספאָלע לעבען. און ער האָט געהאלטען אין ענטפלעקען אַ סוד פון דער גאַטור... אין דער טיפער שטיל־קייט פון דער נאַכט, ביי׳ם אַרבייטס־טיש, איינגעבויגען ווי אַ שאָ־טען איבער דעם ווייסען צירקעל פון ליכט אונטער דער גרינער

אַבאַזשורע, האָט ער צו קיינעם ניט געהערט, נור צו זיין קונסט.

און ער האָט געשריבען:

„—ווידער איז געקומען דער פריהלינג. ווידער האָט גאָט'ס וועלטעל אויפגעלעבט, און ווידער האָט די שיינע, פראַכטיגע נאַטור אויסגעשפרייט איהר לעבענס־לוסט אויף אַלעס וואָס קען זיך בעגייען, בליהען און לעבען. ווידער איז אין מיין הויף געוואָרען לעבעדיג און פריילין. די שוועלבעלעך האָבען זיך שוין אומגעקערט, און שפרינגענדיג פון צווייגעל אויף צווייגעל, האָבען זיי געפּיישצעט אין געראָפען איינס דאָס אַנדערע צו דער אַרבייט. זיי האָבען געבויט זייער זומער־היים אין די גרינע פאַרפּלאָנטעטע צווייגען אויף דער אַלטער גרויער וואַנט. אָבענד־צייט האָט דאָס שטיקעלע הימעל איבער מיין הויף ווי תמיד געפינקעלט מיט בריליאַנטענע שטערען, וואָס האָבען זיך ווי אימער געוויגט און געסיד'עט צווישען זיך. עס איז געוועזען אַ שיינער, וואונדער־שיינער אויפדערנאַכט. די בשמים'דיגע לופט אין דרויסען האָט גובר געוועזן די שטיקענדיגע לופט, וואָס האָט זיך געטראָגען פון די צופענע פענסטער, און זי האָט געשמעקט מיט דעם געריך פון אייפּלעבונג —מיט פרישען לעבען. די לבנה איז, דוכט זיך, דעמאָלט געוועזען זילבער־ווייסער ווי תמיד. זי האָט זיך געבאָדען אין קליינע שניי־ווייסע וואָלקענדלעך, געשוואומען און געוואַשען איהר ליכטיג פנים אין זיי, און האָט אין דעם שמאָלען רוים, צווישען צוויי שמאָלע הייזער, דורכגעשפּאַרט געגען מיין פענסטער איהרע זילבערנע שטראַהלען. זי האָט געלויכטען און געלאַכט מיר גלייך אין פנים אַריין. איך בין געזעסען ביים אָפענעם פענסטער און מיין נשמה האָט זיך געקוויקט מיט דער וואונדער־שיינער נאַכט, זי דאָס

אַנגעקוואָלען פון דעם תענוג פֿין לעבען. פלוצלינג האָב איך דער־
הערט אַ בעקאַנטע שטימע.

— מיאַאו ... מיאַאו ... מיאַאו ... האָט די שטימע גערופֿען.
דער וואס האָט גערופען איז געזעסען אויפֿין פלויט פון מיין הויף,
די פיס צונויפגעלעגט אונטער זיך און האָט זיך געבעטען.

— מיאַאו ... מיאַאו ... האָט ער געצאַפּעלט זיך ... ניט קיין
טרויער, ניט קיין פערצווייפלונג האָט זיך אין זיין שטימע געהערט.
ווי פאַראַיאָהרען האָט זיך אין איהר געהערט דער רוף צום לעבען ...
צו לעבענס־לוסט ...

איך האָב געקוקט אַהין פון וואַנען דער מוטהיגער רוף איז
געקומען און האָב זיך געוואונדערט.

איהם גערהט אַפּנים ניט אָן די פראַכטפאָלע נאַטור, דער
שיינער הימעל, די שמעקענדיגע לופט. ער קען ניט פאַרשטעהען
די נשמה פון דער נאַטור—די האַרמאָניע פֿין איהרע שטימונגען,
פון איהר זיין, פון איהר לעבען. ער קען ניט פיהלען איהרע ביל־
דער און ער קען זיי ניט מאָלען ... און די מענשען? זיי געהען
איהם אודאי ניט אָן. ער זעהט ניט זייער לעבען דורך די אָפענע
פענסטער, ער זעהט ניט זייער קאַמפף, זייער שטרעבען. ער קען
ניט אָנפאַסען זייער נשמה, בעגרייפען די טיפסטע ווינקעלעך פון
זייער לעבען, די פאַרבעהאַלטענע סודות פון זייער טויט ... ער
פיהלט ניט דאָס לעבען: ער האָט ניט קיין שעפּפונגס-קראַפט!...

— מיאַאו ... מיאַאו ... מיאַאו ... האָט ער גערופן פול מיט
חוצפה'דיגען בעגער. און אימיצער האָט זיך צעלאַכט.

— ער פיהלט ניט די נאַטור? האַ ... האַ ... האַ ... ער האָט
ניט קיין שעפּפונגס-קראַפט? האָט אימיצער געהיימניספאָל געפרעגט.

— נאַרישער דיכטער—האָט יענער זיך גערייצט מיט מיר—

איז עס ניט די פרעכטיגע נאַטור, וואָס רופט איהם צום לעבען און לעבענס-לוסט? איז עס ניט די גרויס׳ שעפּפונגס-קראַפט אין איהם, וואָס רופט איהם צו ליבען און בעשאַפען?

און איך האָב זיך ווידער איינגעהערט.

— מיאַאו, מיאַאו ... האָט ער גערופען פון דעם פלויט. און דער רוף האָט געקלונגען מיט בעגייסטערונג ... דוכט זיך, ער איז געוועזן דער אויסדריק פון אַ גרויסער שעפּפונגס-קראַפט ... פונקט ווי פאַראַיאָהרען האָט ער געקלונגען; די אייגענע שטימע, דער אייגענער רוף ...

מיין קאַץ האָט זיך בעוויזען אויפ׳ן הויף.

— די אייגענע?.. האָט זיך אַ באָמבעל געטהון ביי מיר אין די געדאַנקען—איז ער דער אייגענער?.. אָט דער ער אויף וועלכען זי האָט מיך אַ מאָל געפרעגט מיט איהרע איבערגעצויגענע גלעזערנע אויגען—פאַראַיאָהרען אין די שווערסטע מינוטען פון איהר לעבען—וואו איז ער?

זי איז פאַמעלעך און קאָקעטיש געגאַנגען איבער׳ן הויף, ער האָט זי באַמערקט און האָט זיך אויפגעהויבען. דוכט זיך, ער איז פאַרטיג געוועזן אַראָבשפּרינגען צו איהר. איז זי אָבער אַנטלאָ-פען—די שעמענדיגע—גלייך ווי זי וואָלט זיך דערשראָקען פאַר איהם.

— מיאַאו ... מיאַאו ... האָט ער ווידער גערופען. פרעהלי-כער ... לעבעדיגער ... זיכערער.

— מיאַאו ... און זי איז ווידער געקומען—זי איז געגאַנגען צו איהם ...

— איז עס טאַקי דער אייגענער ... דער זעלבער?.. דער וואָס פאַראַיאָהרען? האָט זיך מיר אַלץ געוואָלט וויסען

— יאָ, יאָ ... דוכט זיך מיר אויס.

— הי... הי... יענער איז געווען אַ גרויער און דער איז אַ שוואַרצער—רייצט זיך מיט מיר אימ'צער, און שלאָגט מיר איבער דעם רעיון.

— אָבער... ביי דעם, פונקט ווי ביי יענעם, בלישצען די גרויסע געלע אויגען מיט דעם אייגענעם פייער... מיט דער איי־גענער שפּפונגס־קראַפט..."

* * *

און אויף די ווערטער האָט זיך אבגעשטעלט זיין פען. אין דעם מאָמענט האָט איהם זיין פרוי אַרומגענומען און האָט איהם געוויגט און געקושט.

— קום שוין, קום... לאָז די אַרבייט. רוה זיך אָב... דו וועסט זי מארגען ענדיגען. קום, און איך וועל דיר דערציילען ווי שיין, ווי זיס ער האָט געזונגען אין פאַגליאַציאָ... אַך, טייערער, ער איז דער גרעסטער טענאָר אין דער גאַנצער וועלט.

איהר מאַן איז נאָך אַלץ געלעגען איבגעצייגען אויף זיין שטוהל, זיינע הענד אַרום איהר האַלז, זיין פנים צוגעטולעט צו איהר, די אויגען פאַרמאַכט. עפּעס איז ער געווען אין אַ מין הי־נערפּ'עט. אין נירוואַנישער רוהע—צווישען דער פערגליווערטער בעגייסטערונג פון זיין קונסט, אין וועלכער ער האָט אַ מינוט צוריק געשוועבט און די נאָך ניט אויפגעמונטערטע געפיהלען פון ליבע און לעבען, צו וועלכע עס האָט איהם גערייצט דער דופטענדער געשמאַק פון איהר קערפער.

— נו, קום שוין—האָט זי איהם ווידער אַ מונטער געטהון און האָט ווידער געקישט זיין פנים. ער האָט געעפענט די אייגען

און זיין קערפּער האָט א ציטער געטהון. ער האָט פריי געמאַכט איין האַנט און האָט זיך קונציג אַרויסגעהויבען פון דעם שטוהל. ער האָט זי אַרומגענומען, גערריקט צו זיך און ליידענשאַפטליך געקישט.

און זי האָט איהם פון דער אָפּערא דערציילט.

— אָה, זיין זינגען, זיין זינגען קען משוגע מאַכען, — האָט זי דערציילט מיט ענטציקונג.

— די אַריע פון פאגליאצי איז פשוט הימעלישע מוזיק. זי אָטעמט מיט ליבע, מיט ברענענדיגע ליבע. זיין קערפּער האָט ווידער געציטערט. ער האָט זי שטאַרקער צוגעדריקט צו זיך און האָט געפיהלט די ווייכקייט און וואַרעמקייט פון איהר קערפּער.

„דאָס אייגענע פייער... די אייגענע שעפּפערישע קראַפט!..“ איז דורכגעפלויגען ביי איהם אין די געדאַנקען און ער האָט זיך גאָר ניט געכאַפּט צו וואָס עס פאַסט זיך...

— און, אַז ער צעוויינט זיך, האָט זי ווייטער דערציילט, אַז ער צעווינט זיך, זינגענדיג די אַריע אין פאגליאציאָ, ווייזט זיך אויס, אַז יעדער קלאַנג, יעדער נאָטע איז אַ הייסע, אַ זודיגע טרער... אַ ליעבעס־טרער...—און זי האָט איהם נאָך אַ מאָל געהאַלזט און גע־קושט. ער זי אויך: שטאַרקע, הייסע קושען... אין זיינע טיפע, טרויעריגע אויגען האָט זיך אָנגעצונדען א משוגה׳דיג פייערעל. זי האָט פאַרצויגען דעם לאָמפּ. אַ קליינער טונקעלער פלאַם איז גע־בליבען צאַנקען. ער איז אַלץ קלענער און קלענער געוואָרען.

ביידע, זי מיט איהר האַנט אַרום זיין נאַקען, ער מיט זיין האַנט אַרום איהר קערפּער, זענען פאַמעלעך אַוועקגעגאַנגען פון דעם אַרבייטס־טיש און צוויי מענשליכע שאָטענס צוגעטולעט איינס צום אַנדערען האָבען זיך בילעכווייז אויסגעשפּרייט איבער דעם

באָדען. זיי זענען געוואַקסען לענגער און לענגער; זיי זענען גע־
וואָרען טונקעלער און טונקעלער, און האָבען זיך שנעל בעוועגט
פאָראויס, פאָראויס. זיי האָבען נאָכגעיאָגט די צוויי ליבענדע, פונקט
ווי זיי וואָלטען געוואָלט זיי אונטערהיילען גיכער צו געהען
אָבּרוהען.

# גֶערֶעטֶעט

I.

— דאָס איז דאָס איינציגע מיטעל, מאַדאַם; די איינ־און־
איינציגע מעגליכקייט.—און דער דאָקטאָר האָט אָבגעהאַקט זיינע
רייד. ער האָט אנגעבויגען דעם קאָפּ, צענויפגעקנייטשט דעם
שטערען און האָט איבער די ריימען פון זיינע ברילען געקוקט אויף
דער יונגער פרוי. זיין שיינע גראָע באָרד האָט בעדעקט
זיין ברוסט.

— אין וואָס־שזע איז די מניעה, דאָקטאָר? אויף וואָס וואַרט
איהר דען? פאַר וואָס אײלט איהר זיך ניט? גאָט, גאָט מיינער!—
האָט די יונגע פרוי אין פערצווייפלונג אויסגעשריען. אַ פּאָר
מינוט האָבען זיי ביידע געשוויגען.

— דאָקטאָר — האָט זי ווידער אנגעהויבען — איך בין
ענטשלאָסען. טוהט וואָס איהר ווילט. אָבער ווײלט ניט,
רעטעט מיין קינד — האָט זי פעסט אויסגערעדט.

— איך בעט איך, דאָקטאָר, שטעלט זיך ניט אָב פאַר קיין
זאַך און רעטעט מיר מיין קינד—האָט זי שוין ווייכער, דורך

טרערן געבעטען. דער דאָקטאָר האָט פּאַרוואונדערט אנגעקוקט די בלייכע יונגע מוטער. פון אויפרעגונג האָבען זיך אויף איהרע בלאַסע באַקען צוויי גרויסע רויטע פלעקען בעוויזען און די טיפע איינגעפאַלענע אויגען, פון די ניטדערשלאָפענע נעכט, האָבען מיט האָפענונג געקוקט איפ׳ן דאָקטאָר.

— טאָר איך עס אָבער טוהן? — האָט ער רעדענדיג צו איהר אַזוי וויא זיך געיישובט מיט זיך אַליין. — מאַדאַם, טאָהרען מיר עס טוהן? — און זיין פּנים איז געוואָרען שטרענג און ערענסט.

— טאָהר איך איינשטעלען אייער לעבען, אייער געזונד צוליעב אַ פּראָבע, אַפילו ווען אַ קאָנסיליאום פון די בעסטע דאָקטוירים האָט בעשלאָסען אַז דאָס איז דאָס איינציגע מעגליכע מיטעל? — האָט ער ערענסט געערדט צו איהר. — מען דאַרף זיך גוט איבער־לעגען... די פּראָבע קען זיך ניט איינגעבען... אַלעס קען זיין אומזיסט... האָט ער אין האַלבע פראַזען געענדיגט.

אַ מינוט איז די יונגע מוטער געשטאַנען אין פערצווייפלונג.

— אָבער, דאָקטאָר — איז זי באַלד ווידער צו זיך געקומען, — הער דאָקטאָר, איצט איז ניט די צייט פון איבערלעגונג. מיין קינד איז אין אַ שרעקליכער סכנה און זי איז מיין לעבען, מיין חיות, מיין איין אויג אין קאָפּ... וועה איז מיר, דאָקטאָר, זאָל זי חלילה שטאַרבען — און זי האָט פאַרבראָכען איהרע הענט אין שרעק — שטאַרב איך מיט איהר. איך וועל עס ניט איבערלעבען, דאָקטאָר. און אויב איך זאָל עס איבערלעבען — וועל איך אַ לעבע־דיגער מת זיין... איך מוז זי רעטען, איך וועל זי רעטען, מעג עס מיך אַפילו מיין לעבען קאָסטען. צו ליעב איהר... צו ליעב מיר, דאָקטאָר, יאָ, צו ליעב מיר אַליין...—און זי האָט זיך אויסגעצויגען אין דער הייך אין איהר גאַנצער לייגג. איהרע באַקען

האָבען געפלאַמט און אַ מאָדנע פּייערל האָט געפינקעלט אין איהרע גרויסע, שוואַרצע אויגען, אַ פּייערל וואָס מען זעהט נור אין די אויגען פון אַ חיה, בשעה מען וויל ביי איהר רויבען איהרע קינדערלעך.

— נו, גוט, גוט...—האָט דער דאָקטאָר איבערגעביטען זיין האַלטונג, געריהרט פון איהר מעכטיגער ענטשלאָסענהייט. — אויב אייער מאַן וועט צושטימען — האָט ער נאָך געפּרופט לייגען אַ שטיין אין וועג—דאַן... יאָ, דאַן וועל איך טהון אַלעס מעג־ליכעס צו רעטען אייער קינד.

— איך דאַרף ניט די צושטימונג פון מיין מאַן, דאָקטאָר, איבער מיין קערפּער בין איך מיין הער. און אויב מען דאַרף — וועט ער צושטימען. אין דעם וועט קיין מניעה ניט זיין... אָבער אויף וועלכע לייגט איהר עס אָב? פאַר וואָס פאַרליערט איהר די טייערע מינוטען? איהר זאָגט דאָך אַליין אַז פון דעם הענגט אָב דאָס לעבען פון מיין קינד. דאָקטאָר איך וויל זי רעטען... איך מוז זי רעטען...— און זי האָט מיט אויגען פול מיט ליעבע און מיט טרערען געקוקט אויף איהר קראַנק טעכטעריל וואָס איז וויא אַ מת געלעגען אויף איהר בעטעל.

— איצט איז זאָ־ווי־זאָ אונמעגליך. עס איז צו שפּעט, ביינאַכט. אין דער פריה; דאָס ערשטע מאָרגען פריה—האָט דער דאָקטאָר אונרוהיג פערזיכערט און האָט זיך געזעגענט אַוועק־צוגעהען. די אונגליקליכע מוטער האָט איהם בעגלייט ביז צו דער טיהר און האָט זיך אומגעקעהרט צו איהר קינד, צו וואַרטען צווישען האָפנונג און פערצווייפלונג ביז אין דער פריהע.

* * *

עס איז געווען שטיל אין צימער. אַ שווערע, מוראדיגע שטילקייט. די שטונדען האָבען זיך נאָך האַלבער נאַכט געצויגען אַזוי פּאַמעלאַך, אַזוי לאַנגזאַם פּאַמעלאַך, פּונקט וויא זיי וואָלטען געווען די אייביגקייט אַליין. דאָס קינד איז געלעגען אויפין בעט, בלייך וויא דער טויט, אָהן דער מינדעסטער בעוועגונג, דאָס קעפּעל איינגעהילט אין אַ ריימעל פון גילדערנע האָר. דאָס בלאַסע פּנים, אָהן אַ טראָפּען בלוט, האָט צוגעגעבען אַ טויטליך-מאַטען שיין צו דער טונקעלער בעלייכטונג פון דעם צימער. די יונגע מוטער איז געזעסען אויף אַ נידעריג בייגקעל ביים בעט און האָט אין איהר האַנט געהאַלטען דאָס קליינע הענטעלע פון איהר קינד. די שטונדען האָבען זיך געצויגען און די מידיגקייט האָט בעוועלטיגט די אָרעמע מוטער. זי האָט אנגעבויגען איהר קאָפּ און איהר קערפּער איבערין בעט נעבען איהר קינד און האָט ניט אויסגע- האַלטען... זי איז פּאַמעלאַך איינגעשלאָפען... און די שטונדען האָבען זיך געצויגען או געצויגען. דאָס קינד איז טיפער און טיפער געזונקען וויא אין אַ שטילען רוהיגען שלאָף.

עס איז אָקאָרשט טאָג געוואָרען. די ערשטע בלויע פּאַסען ליכט פון דעם פריה-מאָרגען האָבען זיך דורכגעשלאָגען דורך דעם פענסטער אויף מזרח-זייט, און דאָס קליינע בלאַסע פּנים'על פון דעם קראַנקען קינד איז ערדיש-טונקעל געווען. דאָס אַטעמען האָט כמעט וויא איינגעהערט. נור דאָס קינדערשע האַרץ האָט נאָך קוים-קוים געקלאַפּט צום טאַקט פון לעבען.

עס איז געווען שטיל און טונקעל און מוראדיג.

אין צימער איז די לופט וויא אַ דיקער נעבעל געשטאַנען, אין דיקען נעבעל האָט זיך איין גרויסע שוואַרצע פליגלען אַ ריזיגע פיגור פון הוילע ביינער געטראָגען. אַ ריזיגע אין אַ מאוסע; מיט

אַ גרויסען נאַקעטען שאַרבען פּאַר אַ קאָפּ. פון די טיפע, גרויסע אויגען־לעכער אין דעם שאַרבען האָט די פינסטערניש פון דעם קבר מיט שרעק ארויס געקוקט. די איינגעפאַלענע לעכעריגע נאָז האָט אומעדום דעם גערוך פון מתים געזוכט, און די שצאַרע רייהע פון גרויסע פאַרבלוטיגטע ציין האָבען וויא געשמייכעלט מיט נצחון. דער שוואַרצער ריעז האָט געשוועבט און פאַרשפּרייט זיך אין דעם נעבעל. זיין לאַנגע ביינערנע האַנט האָט זיך געשטרעקט נעהענטער און נעהענטער צום קינד. דאָס האַרץ האָט ער געוואָלט... דאָס קינדערשע האַרץ... און טויט שרעק האָט אין צימער געהערשט; אַ טויט שרעק פאַר'ן טויט... ניט קיין אומבעקאַנטער צווישען מענשען איז דער ריעז געווען. עס איז געווען דער מיליאָנען יאָהריגער צווילינג ברודער פון דעם לעבען — עס איז געווען דער טויט. און ער האָט געשוועבט אינדערלופטען און ער איז נעהענטער און נעהענטער געקומען צום קינד.

אויף דער מוטער האָט ער קיין שליטה ניט געהאַט, ווייל ער געוועלטיגט נור דאָרט וואו דאָס לעבען ווערט קאַליע, וואו עס צאַנקט... וואו עס געהט אויס... און די העסליכע ביינערנע האַנט פון דעם שוועבענדען ריעז האָט זיך נעטראָגען איבער דעם אנגעלעהנטען קערפּער פון דער מוטער און האָט זי ניט אנגע־רירט. דער ריעז האָט זיך מורא'דיג אויסגעצויגען איבער איהר צום קינד... צום קינד... אָבער ער האָט זיך אין עפּעס פאַרטשעפּעט און איז העננען געבליבען אין דער לופטען.

די ערשטע שטראַהלען פון דער אויפגעהענדיגער זון האָבען זיך דורכגעשלאָגען דורך דעם מזרח־פענסטער. עס איז ליכטיגער געוואָרען. דער נעבעל אין דעם צימער איז דינער און דינער געוואָרען.

פון די אַקסעל פון דער שלאָפענדיגער מוטער האָט זיך וויא אַ בלישצענדיגע זון אַ שרעטעלע אויפגעהויבען—א גנאָם. אין דער צעבראָכענער שאָלעכטס פון אַ שטראָוס-איי איז אַ מיליאָנען יאָהריג שרעטעלע—אין אייביג בליהענדער יוגענד—געשטאַנען. פון זיין קאָפּ האָבען, וויא אויסגעקעמטע ליאָנענע פעדער, די דינע גאָלדענע האָר וויא גאַנצע סנאָפּעס זונען שטראַהלען געלויכטען. זיינע קליינע לעבעדיגע אויגען האָבען וויא פרישע קוואַלען געפינ-קעלט און אין זיי האָט זיך געשפּילט און אָבגעשפּיגעלט אַ מלאך'על — אַ קיפּיד, וואָס האָט פון זיין פיילענבויגען ליעבע אין האָפענונג געשאָסען. זיין לאַנגע ווייסע באָרד האָט זיך וויא דער שלייער פון דער אייביגקייט אין דעם רוים געצויגען, און דורך איהר, אויף די לאַנגע ווייסע האָרינע פעדים, האָבען פון זיין קליין צאַפּעלדיג האַרץ כוואַליעס פון לעבען געפלאָסען און זיי האָבען זיך געשלענגעלט און געצויגען אין דער אייביגקייט, און יעדער אָטעם זיינער, יעדע בעוועגונג האָט עפּעס לעבעדיגעס געשאַפען. זיין ווייך, פוכלע שטראַהלענדיג פּנים האָט פרייד געבראַכט און זיין נשמה איז געוואָרען. מיט איהם זיינען אין צימער געקומען ליכט און האָפענונג—דאָס לעבען איז געקומען. ער האָט עס דעם העסליכען ריעז דעם וועג פאַרשטעלט...

איבער דעם קראַנקען, בלאַסען קינד און דער שלאָפענדיגער מוטער האָט ער זיינע קליינע שעפּפעריש׳ע הענט אויסגעשטרעקט און האָט מורמלענדיג וויא אַ פליסענדער שטראָם געשעפּצעט אין דער לופט.

— וואַרט, ברודער, וואַרט... פריהער אָדער שפּעטער וועסטו גובר זיין... איינציגוויים, אַלע... אָבער אין גרויסען גאַנצען—די וועלט, זיי מיחל, זי געהערט מיר—דעם לעבען.

דאָ אָבער, דאָ... וואַרט, וואַרט אַביסעל... און די שטראַהלען פון דער זון האָבען בעלויכטען דאָס צימער פון מזרח־זייט, עס איז העלער, ליכטיגער און וואַרעמער געוואָרען. דער נעבעל אין דער לופט איז פערשוואונדען... עס איז שוין טאָג געוואָרען.

* * *

אין אַ פּאָר שעה אַרום זיינען אויף אַן־אָפּעראַטיוו טיש צוויי פּאַציענטען געלעגען. ביידע האָבען שווער געאַטעמט אונטער אַ שלאָף־טרונק. דאָס זיינען געוועזען די מוטער מיט איהר קינד.

די מוטער האָט וויא אין אַ טיפען שלאָף שטאַרק און שווער געשנאָרכעט. דאָס קינד האָט שוואַך געצויגען דעם אָטעם. זיי ביידע האָט פעראייניגט נור אַ קליינע רעהר וואָס האָט זיך געצויגען פון אַן־אָרער פון דער מוטער צו אַן־אָרער פון דעם קינד. מיט יעדען פּולסירענדען קלאַפּ פון דער מוטערס האַרץ האָט זיך דאָס רעהרעל אַ הויב געטהון און האָט איבער געטראָגען אַ קליינע כוואַליע פון איהר וואַרעם לעבעדיג בלוט — פון איהר לעבענס־זאַפט — אין דעם קראַנקען קערפּער פון איהר טאָכטער׳ל. און די קינדערשע אָדערלאַך זיינען מיט יעדער כוואַליע פון בלוט אויפגע־שוואָלען, און דאָס בלוט האָט זיך אין זיי כוואַליעס ווייז געטראָגען צום קליינעם הערצעלע. פון דאָרט האָט דאָס קינדערשע האַרץ צעטראָגען פרישען לעבענס־זאַפט איבער דעם גאַנצען אָב געשוואַכ־טען קערפּעריל. די דאָקטוירים זיינען געשטאַנען אַרום די קראַנקע אין זייערע לאַנגע קיטלען און האָבען מיט מורא און מיט האָפע־נונג געהיט די ביידע הערצער. געהיט און געציילט די פּולסען. און זייערע פּנים׳ער האָבען געשטראַהלען מיט פרייד, ווען זיי האָ־בען באַמערקט, אז דאָס מוטער־האַרץ שיקט בלוט און לעבען דעם

קינדער־האַרץ... און דאָס קינדער הערצעלע האָט זיך געצאַפּעלט און געקלאַפּט צום טאַקט. אין די אָדערלעך האָט זיך שטאַרקער און שטאַרקער געהערט דער פּולס, און די בעקעלעך האָבען זיך געפאַרבט מיט בלוט און מיט לעבען.

די דאָקטוירים זיינען גליקליך געווען. אַפילו די דערבאַרמונגס־שוועסטער, מיט די קלאָהרע ווייסע שירצען און קיסייענע מטשעפּ־טשיקעס איפ׳ן קאָפּ, זיינען אַרום געגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער און האָבען זיך פאַרוואונדערט געשושקעט.

— גערעטעט, גערעטעט... האָט איינע דער אַנדערער איפ׳ן אויער דערציילט.

— יאָ, יאָ, גערעטעט האָט די אנדער־ע צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ מיט פרייד. און אַלע האָבען מסכים געווען אַז דאָס קען נור אַ מוטער... אַ ליבענדע מוטער... די דאָקטוירים האָבען זיך גע־פרייט, געשפּאַסט צוביסלעך און געפרייט זיך. זיי האָבען געוואו־נען—די מעדיצין האָט טריאומפירט.

ביידע פּאַציענטען זיינען צו זיך געקומען. דאָס קינד האָט געעפענט די אויגעלעך און האָט ווידער געקוקט אויף גאָטס שיינער וועלט.

— מאַ-מע—האָט זי מיט אַ שוואַך קול׳כעל גערופען. די מוטער האָט איהר צום צווייטען מאָל לעבען געגעבען.

די מוטער איז אויך צו זיך געקומען. זי האָט פּאַמעלעך גע־עפענט די אויגען און האָט זיך וויא אַ שכור׳ע אַרומגעקוקט.

— וואו בין איך?—האָט זי געפרעגט. און ווען זי האָט אַן ענטפער געקריגען איז איהר אַלעס קלאָהר אויפ׳ן זכרון געקומען, און זי האָט זיך פּאַמעלאַך אַרומגעקוקט.

— וואו איז מיין קינד?—האָט זי געפרעגט. מען האָט איהר געוויזען איהר קינד.

— איהר האָט אייער קינדס לעבען גערעטעט... העלדיש בראַוו—האָט דער דאָקטאָר לוסטיג געזאָגט. זי האָט איהם אַ מינוט אָנגעקוקט מיט איהרע גרויסע שוואַרצע אויגען און האָט זיי ווידער צוגעמאַכט אויף אַ ווײַלע גלייך ווי זי וואָלט זיך געקליבען ווידער איינצושלאָפען. און זי האָט מיעד אָבער גליקליך איבער גליקליך געשמייכעלט...

און גליקליך איז זי געווען. איהר קינד איז געווען גערעטעט...

דאָס לעבען האָט געזיגט...

## .II

די אַלטעצקע האָט זיך פּאַמעלעך אויפגעהייבען אויף איהר געלעגער. יעדער בעוועגונג פון איהר קערפּער האָט איהר שרעקליך וועה געטהון. מיט גרוים מיהע האָט זי זיך ארויפגערוקט אויף איהר בעט האָט זיך איינגעמאָסטעט, האַלב זיצענדיג, האַלב ליגענדיג, ביים טיש וואָס איז געשטאַנען ביי איהר צוקאָפּענס. עטליכע מינוטען האָט זי אָבגערוהט. מיט יעדען אָטעם-צוג האָט זיך איהר אַלט געקנייטשט פּנים געביטען און פאַרקרימט. קענטיג איז געווען אַז זי האָט שרעקליך געליטען.

זי האָט אויסגעשטרעקט איהר דאַרע האַנט איבער'ן טיש און האָט צוגעשלעפּט צו זיך אַן אַלט צעריסען ספר'ל. זי האָט עס איפגעמאַכט און האָט מיט איהרע אויסגעלאָשענע אויגען געזוכט אויף דעם טיש איהרע אַלטע ברילען; זי האָט זיי געפונען. מיט

ציטערדיגע הענט האָט זי זיי פּאַמעלעך אנגעטהון, פריהער איין האָלאָבלע, דערנאָך די אַנדערע און האָט שטיל געקוקט אין ספר׳ל. מיט אַ מאָל האָט זי אַ פיהר געטהון איהרע דאַרע פינגער איבער איהרע ליפּען און האָט גיך אַמיש געטהון די בלעטלעך און האָט ווידער אַוויילע שטיל געקוקט אין ספר׳ל. אַ טיפער שווערער זיפץ האָט זיך אַרויסגעריסען פון איהר קראַנקער ברוסט.

עס איז געווען רוהיג, שטיל אין צימער. די אַלטע האָט זיך איבערגעבויגען איבער׳ן ספר, האָט אנגעשפּאַרט איהר עלענ־בויגען אן דעם קישען און האָט אַרויפגעלייגט איהר שוואַכען קאָפּ אויף דער אָפענער האַנט און מיט דעם אַלטען וויינענדיגען נגון האָט זי אונגעהויבען אין דער שטיל.

— למנצח בנגינות על השמינית מזמור לדוד... און איהרע גרויסע שמאַרע אויגען זיינען פאַרזאָטען געוואָרען מיט טרערען.

— אדני — האָט זי אַביסעלע העכער אויסגערופען — אל באפך תוכיחנו — גאָטוניו, האָט זי טרויעריג פאַרטייטשט די ווערטער, רבונו של עולם, טוה מיך ניט אַוועק שטויסען פון דיר אין דיין צאָר׳ן — ואל בחמתך תיסרני — און טוה מיך ניט שטראָפען אין דיין גרימצאָר׳ן. — חנני אדני — דערבאַרעם זיך אויף מיר, פאָטער באַרעמהערציגער — כי אמלל אני — וואָרום איך בין אַזוי קראַנק; — רפאני אדני — טוהע מיך היילען, רבונו של עולם. האָט זי וויינענדיג געזונגען אויף אַ קול — אָדער נעם מיך צו דיר, האָט זי מיט טיפער כונה געבעטען דורך טרערען; — כי נבהלו עצמי — ווייל אַלע מיינע גלידער זיינען געשטרויבעלט "און איך קען שוין ניט אויסהאַלטען מעהר, פאָטער באַרעמהערציגער אין הימעל —

האָט זי פון זיך צוגעליינגט. און פונקט וויא זי וואָלט פאַרגעסען אין דעם טרויער פון דוד'ס הייליג לידעלע איהרע אייגענע וועהטאָגען, און זיי וואָלטען גרינגער געוואָרען פון דעם טרערען אויסגיס פון איהר נשמה, האָט זי שוין הויך אויף אַ קול געזונגען און פאַרטייטשט די פסוקים פון דעם תהלים.

— ונפשי נבהלה מאד — און מיין זעל טוהט אַזוי געשטרויבעלט — ואתה — און דו — אדני — גאָטוניו — עד מתי — ביז וואַנען? ביז וואַנען וועסטו זיך טהון דערוויטערען פון מיר?...

שטיל איז געווען אין צימער. אַ שווערע שטילקייט, נור אונטערבראָכען פון איהר הויך, הילכיג געזאַנג און איהר גרויסען טרויער.

איהר טאָכטער איז געזעסען פון דערווייטענס, צוריק געלעהנט אויפ'ן שטוהל; די הענט פאַרלייגט אונטער'ן קאָפּ און האָט געקוקט אויף דעם טרויעריגען בילד. שווערע, שרעקליכע געדאַנקען האָבען בעלאַגערט איהר פאַרשטאַנד. אַ טיפער שמערץ האָט געפרעסט איהר נשמה. זי אויך האָט זיך געפרעגט די שרעקליכע קשיא — עד מתי? ביז וואַנען? ביז וואַנען וועט די אונגליקליכעליידען און איבערטראָגען איהרע וועהטאָגען: ביז וואַנען וועט זי רופען דעם טויט — איהר דערלייזער — און ער וועט ניט קומען... ביז וואַנען וועט די אַלטע ליידענדע מוטער זיין אַלאַסט פאַר זיך אַליין... פאַר איהר... פאַר אַלעמען. ביז וואַנען? עטוואָס שרעקליכס האָט געקעמפּפט און געראַנגעלט זיך אין איהר זעלע, עפּעס האָט זיך געריסען פון איהר נשמה... עפּעס... צו העלפען איהר. וואָס אין דער וועלט, דוכט זיך, וואָלט זי ניט געטהון גרינגער צו מאַכען איהרע גרויסע ליידען; צונעמען זיי ביי איהר,

רעטען זי... אָבער, זי ווייסט, נור אין זאַך קען איהר העלפען...
קען רעטען זי... און...

— אַך!.. וויא עס האָט געשטורעמט און געקעפּפּט אין איהר נשמה...

עטליכע טריט ווייטער איז געשטאַנען דער קליינער דוד׳ל— איהר זיהנעלע — דער אַלטערס איינעקעל און האָט פארגאַפּט גע־קוקט אויף דער אַלטער. מיט קינדערישער נייגיהר האָט ער זיך צוגעהערט צו איהר געבעט, און מיט זיינע קליינע לייכטענדיגע אייגעלעך האָט ער נאָכגעקיקט נאָך די רינענדינע שטראָמען פון טרערען אויף איהר צעקנייטשטע פּנים.

— שיבה אדני—טוה זיך אומקערען צו מיר, גאָטוניו, האָט זי מיט אַ פערוועהטאָגטע התלהבות געשריגען און געבעטען;— הלצה גפשי — טוה אַרויסציהען מיין זעל;— הושיעני למען חסדך — טוה מיך ראַטעווען, באַרעמהערציגער פאָטער, פון דיין חסד וועגען; — כי אין במות זכרך — וואָרום ווער קען דיר טהון געדענקען נאָכ׳ן טויט;— בשאול מי יודה לך -- און ווער קען דיר טהון קענען אין קאַלטען קבר. "גאָטוניו„! האָט זי געשריגען;
יגעתי באנחתי — רבונו של עולם, איך בין מיעד פון מיינע קרעכצען;

— אשחה בכל לילה מטתי — איך טוהע מיט מיין געוויין נאַס מאַכען מיין לאַגער אַלע נאַכט -- ברמעתי -- און מיט מיינע טרערען — ערשי אמסה — טוה איך בעגיסען מיין געלעגער..
האָט זי הויך געשריגען און געזונגען. און די אַלטע שטימע האָט ציטעריג געקלונגען און געהילכט אין דער שטילקייט פון דעם צימער און טייכען טרערען האָבען זיך געגאָסען פון די אַלטע אויגען אַזוי וויא פון נייע געעפענטע קוואַלען. דער אַלטער שׂוּאַבער קאָפּ איז

צוגעפאַלען צום תהלים און אַ הויכער געוויין האָט זיך געהערט אין שטילען צימער.

דוד'ל איז מיט שרעק צוגעגאַנגען צו דער אַלטער.

— באָבוסע—האָט ער אויסגערופען און האָט אַרויפגעלייגט זיין הענטעלע אויף איהר אנגעלעהנטען קאָפּ. זי האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האָט דורך איהרע טרערען געקוקט אויפ'ן קינד. דאָס קינד האָט מיט זיין פולע הענטעלע געגלעט איהר נאַסע באַק.

— באָבוסע, האָט ער געפרעגט, וואָס שרייסטו אַזוי... וואָס וויינסטו, באָבוסע? ס'טוהט דיר וועה? די אַלטע האָט איהם אָנגעקוקט. דורך איהרע שמערצען און טרערען האָט זיך דורכגעריסען אַ וואַרעמער נשמה שטראַהל און זי האָט ליבליך געקוקט אויף איהר אייניקעל.

— יאָ, מיין קינד, עס טהוט מיר זעהר וועה, זעהר וועה... איך שריי און בעט, מיין קינד, ביי גאָט ער זאָל מיר שיקען דעם טויט. איך קען שוין די וועהטאָגען ניט איבערטראָגען... איך וויל בעסער שטאַרבען. דאָס קינד האָט אַ ווײלע אָנגעקוקט די אַלטע. ער האָט זי ניט מיט אַ מאָל פאַרשטאַנען.

— באָבוסע, ווילסט שטאַרבען? האָט ער געפרעגט און האָט אַ ציטער געטאָהן.

— איך האָב מורא. באָבוסע, שטאַרב ניט, איך וועל וויינען.

— ניין, קינדוניו. נאָך וואָס זאָלסטו וויינען? האָט זי געפרעגט, און אַ טרויעריגע שמערצהאַפטע מינע האָט צונויפגעקנייטשט איהר פנים.

— נאָך מיר וועט קיינער ניט וויינען, קיינער וועט ניט

קלאָגען נאָך מיר... איך וועל קיינעם ניט אָבגעהען... איך האָב שוין יעדען זיך צוגעגעסען... זעהסטו, מיין קינד, איך בין טויט קראַנק. אָט דאָ טאָמשעט מיך אַ וואָרעם, אַ וועהטאָג — אַ שרעק־ליכער ראַק עסט מיך לעבעדיגערהייד... די דאָקטוירים זאָגען אַז איך מוז שטאַרבען, איך קען ניט מעהר לעבען... אָבער אַלץ איז ביי גאָט אין די הענט. ווייל איך און קלאָג און בעט און שריי אַז דער באַרעמהערציגער פאָטער אין הימעל זאָל דערהערען מיינע קולות, מיין געבעט, און זאָל זיך דערבאַרעמען איבער מיר... ער זאָל מיך נעמען צו זיך... אָדער... שיקען מיר אַ רפואה שלמה— די אַלטע האָט זיך אָבגעשטעלט. זי וואָלט נאָך געוואָלט ריידען. זי האָט געפילט אַז ער איז דער איינציגער, פאַר וועמען זי קען אויסריידען איהר פאַרוועהטאָגט האַרץ, אויסגיסען איהר פאַרביטער־טע נשמה. אָבער אַ שרעקליכער שמערץ האָט פאַרענדערט איהר געל־גרוי פנים... דאָס קינד האָט זיך דערשראָקען פאַר דער אַל־טער און האָט מיט מורא אָבגעטראָטען צו זיין מוטער. צו איהר האָט ער זיך מיט שרעק צוגעטולעט און האָט זי אַרומגענומען. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט וויא פון אַן אונרוהיגען שלאָף און האָט איהם מיט אַ ווילדען אימפעט אַרומגעכאַפּט און צוגעדריקט צו זיך זיין קליין קערפּערעל. זי האָט איהם באַדעקט מיט קושען און האָט איהם אַוועקגעשיקט צום פענסטער זיך שפּילען... ער איז אַוועקגעגאַנגען. זי איז אויפגעשטאַנען פון איהר שטוהל, האָט זיך אויסגעצויגען אין דער גאַנצער לענג פון איהר שטאַרק־געבויטען קערפּער און האָט געקוקט אויף דער אַלטער, וועלכע האָט זיך פון איהרע וועהטאָגען איינדרייען געדרייט אויף איהר געלעגער.

אַ מינוט איז זי געשטאַנען רוהיג. די פעסטע שטריכען פון

איהר לענגליך פנים האָבען אַ ווײלע נערוועז געציקט און זײנען פלוצלונג פאַרשטײנערט געוואָרען אין אַ שרעקליכען אויסדריק פון כאַכט און ענטשלאָסענהייט.

— אָה! נור איין איינציגע מינוט פון מוטה און איך וואָלט זי בעפרייט פון איהרע לײדען —, האָט זיך אַרויסגעריסען פון איהר ברוסט. — צוליעב איהר... צוליעב מיר... און אין איהרע אויגען האָט זיך אָנגעצונדען אַ מאָדנע פייערל, אַ שרעקליכעס, אַ ווילדע — אַזאַ וואָס מען זעהט נור אין די אויגען פון פאַרברעכער אָדער משוגעים... און דאָס פייערל האָט געפלאַקערט... ביסלעכווייז איז עס פאַרלאָרען געוואָרען אין דעם טונקעלען שאָטען וואָס האָט זיך אויסגעשפרייט אין צימער.

אין דרויסען איז נאַכט געוואָרען, די זון האָט זיך געזעצט. וואו־ניט־וואו האָבען זיך נאָך דורכגעשלאָגען די לעצטע שטראַהלען פון דער פאַרגעהענדיגער זון דורך די ווייטע פענסטער פון מעריב-זייט, אָבער די שטראַהלען האָבען שוין ווייניג געלויכטען, עפּעס אַ שטאַרקע פינסטערניש האָט זיך אויסגעשפרייט אין דעם ווייטעסטען ווינקעל פון דעם צימער, עס איז טונקעלער און טונקעלער געוואָרען, זי האָט זיך מעהר און מעהר פאַרשפרייט.

— טאָכטער, האָט די אַלטע גערופען, — גיב מיר די רפואה. גיב מיר, טאָכטער, טאָמער וועט מיר עפּעס בעסער ווערען.

די טאָכטער איז צו דער קראַנקער מוטער געגאַנגען. דאָס ווילדע פייערל אין די אויגען האָט איהר דעם וועג בעלויכטען.

זי האָט דער מוטער די מעדיצין געגעבען. די אַלטע האָט

די מעדיצין געטרונקען. עס האָט איהר דעם אָטעם פאַרכאַפּט...
עס האָט איהר די צונג פאַרברענט... דעם האַלז צונויפגעצויגען... זי האָט עפּעס געוואָלט זאָגען, האָט זי אָבער ניט געקענט.
זי האָט זיך נור געראַנגעלט און האָט מיט די הענט צום האַלז זיך געכאַפּט... די טאָכטער האָט אַ שוידער געטהון. זי האָט זיך צו דער מוטער אַלאַז געטהון... העלפען איהר... האָט זיך אָבער מיט שרעק אָבגעקערט... עס האָט זי געשוידערט און זי האָט מיט די געשלאָסענע פינגער פון איהרע הענט די אויגען זיך פאַרשטעלט און האָט זיך אַ מינוט געשאָקעלט... אַלץ האָט אין אַ סעקונדע פּאַסירט, אָהן אַ שאָרך פון אַ געדאַנק אין איהר געהירן, אָהן אַ ריהר פון אַ געפיל אין איהר נשמה — דורך אַ געוואַלטיגער קראַפט. אַן אונערקלערליכע, און אונבעגרייפליכע.

און אין צימער איז טונקעלער און טונקעלער געוואָרען. שרעקליבער און שרעקליבער... די זון האָט זיך געזעצט. איהרע שטראַהלען האָבען זיך איינציגוויים אויסגעלאָשען. דוכט זיך, אַזוי וויא פון דער טאָכטערס אַקסלען האָט זיך אין דער כמו־א'ריגער דונקעלהייט אַ גרויסער מיעסער ריעז אויף שוואַרצע פליגלען אויפגעהויבען, מיט אַ נאַקעטען שאַרבען, מיט שוואַרצע קאַלטע קברים-אויגען, מיט אַ טויט בלאַסען שמייכעל פון נצחון אויף זיינע שצאַרע פאַרבלוטיגטע ציין האָט ער געשוועבט און געשוועבט אין דער לופט.

די אַלטע האָט זיך געראַנגעלט. איהרע ליפּען האָבען עפּעס געמורמעלט. זי האָט אַפנים געוואָלט וויסען צו איז עס די ריכטיגע רפואה געוועזן.

קיינער האָט איהר ניט געענטפערט.

מיט די צונויפגעלייגטע הענט איבער די אויגען איז איהר טאָכטער וויא אַ שכור'ע אַוועקגעגאַנגען פון דעם צימער. נור דער שוואַרצער ריעז האָט אין צימער איבער דער אַלטער געשוועבט. זיין שרעקליכע ביינערנע אויפגעשטרעקטע האַנט האָט איהר האַלז געזוכט, דעם אַלטען קראַנקען האַלז... און קיינער האָט ניט געשטערט.

פון דעם וויטעסטען פענסטער האָט זיך דער לעצטער אָבענד שטראַהל שוין אַרונטער געקאַטשעט. די זון איז פאַרגאַנגען, נור וויט, וויט האָט זיך נאָך וויא אַ ברעג פון א בלוטיגען ים אין פלאַמען געראויטעלט און געפלאַמט.

אין צימער איז שוין נאַכט געווען. אַ טויט שרעק האָט געהערשט.

עפעס האָט אַ שטאַרקען כאָרכעל געטהון. די שרעקליכע האַנט האָט דעם האַלז דערטאַפט און דער אַלטער קערפער האָט זיך אַ צאַפּעל געטהון.

די טאָכטער האָט זיך איינגעכאַפּט פון איהר הינער פּלעט, און האָט מיט איהרע גרויסע שוואַרצע אויגען געקוקט אין דעם ווינקעל וואו די אַלטע איז געלעגען. צוויי גלעזערנע אויגען האָבען זי אויך אָנגעקוקט. דאָס פאַרגליווערטע פּנים האָט דוכט זיך געשמייכעלט.

די טאָכטער האָט געציטערט און האָט בעהאַלטען איהר פּנים אין איהרע אָפענע הענט. אין דער פינסטערניש פאַר זיך האָט זי מהנות אויפגערייצטע מענשען געזעהען. מיט שטיי-

נער אין די הענט האָבען זיי זיך נאָך איהר נאָכגעיאָגט און האָבען איהר נאָכגעשריען.

— מוטער=מערדערין!.. מוטער=מערדערין!

אָבער די אַלטע איז רוהיג געלעגען אין איהר בעט. פריי פון איהרע שמערצען און וועהטאָגען... גערעטעט...

דער טויט האָט געזיגט!...

# צווישען לעבען און אידעאל

(בילדער און בילדעלעך)

### I.

## דֶער מַארְק און דֶער פַּארְק.

געשטאַנען איז די אַלטעצקע אין סאַמע מיטען פון דעם אידישען מאַרק. אין די וואָכעדיגע טעג פלעגט זי שטעהען אויף איהר פלאַץ פון דעם גרויען פריהמאָרגען ביז שפּעט אין דער נאַכט. אָנגעטהון אין טראַנטעס און אין שמאַטעס; איינגעהויקערט און איינגעבויגען איבער אַ קורצען שטעקען איז זי געשטאַנען נעבען איהר קאָשעקעל מיט דעם אָרעמען ביסעל סחורה. ראָס אַלטע פאַרמעטענע פּנים איז געווען טיעף געקנייטשט און געריני-צעלט. די דינע באַקען איינגעפאַלען. די בלויע ליפּען איינגע-שרימפּפען. די שפּיציגע פאַרריסענע מאָרדע בעוואַקסען מיט

אַ גרוילׂיכען מאַך. איהרע אַלטע איינגען האָבען געקוקט פון די טי-פע איינגענלעבער, און האָבען קוים-קוים געזעהען די ליכטיגע וועלט. איהר גרויער קאָפּ בעדעקט מיט אַ שוואַרץ-אָבגעריבען שטערען-טיכעל האָט זיך וויא אַ מאַיאַטניק געשאָקעלט פון אַלטקייט.

אין איהר אויסגעשטרעקטער האַנט האָט זי מיט די קרומע דאַרע פינגער געהאַלטען סאַמפּעלס פון איהר סחורה, און מיט אַ דינער ציטעריגער שטימע, אין וועלכער עס האָט זיך געהערט דער טיפער טרויער פון איהר נשמה, האָט זי פאַמעלאַך אויסגעצויגען און אויסגעזונגען.

— ליכט... און מעט-שעס... מעעט-שעס און לי-כט... צוויי—פאַר אַ-פע-ני... קייפט... ווייבער... צוויי-פאַר-אַ-פעני. —

„די באָבע" האָט מען זי אין מאַרק גערופען, ווייל אַלעס וואָס זי האָט געהאַט אין דער וועלט איז געווען אַנ'איינעקעל — אַ יתום'ל פון אַ יאָהר זיבען. ער איז איהר געבליבען אַ טרויעריגע ירושה פון איהר איינציגער טאָכטער וואָס איז מיט אַ יאָהר דריי צוריק געשטאָרבען פון טשאַכאָטקע. שכנים און אַזוי גוטע לייט האָבען אַפילו דעמאָלט דער אַלטער אַנ'עצה געגעבען — זי זאָל אַוועק געבען דאָס יתום'ל אין ווייזען הויז אַריין.

— וויא אַזוי וועט איהר איהם דען דערנעהרען? — האָבען זיי מיט רחמנות געפרעגט.

— יאָ, וויא אַזוי? אָבער זי האָט ניט געקענט... איהר האַרץ האָט ניט דערלאָזט. זי האָט ניט געקענט פועלען ביי זיך אַוועקצוגעבען דאָס איינציגע וואָס איז איהר געבליבען אין לע-בען. און... פון דעמאָלט אָן שטייט זי אָט דאָ, אין מאַרק,

זומער און ווינטער, אין רעגען און שניי און רופט מיט איהר אַל־
טער פּאַראומערטער שטימע.

— ליכט . . . און מעט-שעם . . . מעעט-שעם און ליכט . . .
צווי-פּאַר-אַ פּע-עני . . . קויפט . . . ווייבער . — צוויי פּאַר-אַ-
פּ ע ע נ י .

* * *

עס איז געווען פריטאָג פּאַרנאַכט אין אַ שיינעם וואַרעמען זומער־טאָג. די גרויסע גליהענדיגע זון האָט זיך ווי אַ גאָלדענע טאַצע געגליטשט אין מעריב זייט איבער דעם האָריזאָנט פון דעם הימעל, און האָט געפינקעלט און געבלישצעט איבער אַ געגילטען צלם פון אַ הויכען קלויסטער. דער הימעל איז געווען לויטער קלאָהר. ערטערווייז ביים סאַמע האָריזאָנט זיינען אין דער לופט געהאַנגען גרויסע שנייענע בערג־וואָלקענס, און אונטער זיי האָט זיך וויא אַ זוים אַרום דער טונקעלער ערד געצויגען אַ ברייטער בלאָער פּאַס. פון דרום זייט האָט זיך געטראָגען אַ קיהל ווינטעל וואָס האָט אָבגעפרישט די פּאַרשוויצטע הענדלער און טענד־לער פון דעם מאַרק. אין מאַרק האָט געקאָכט און געזאָטען.

עס איז געווען ערב שבת. די גרויסע מאַסע קונים האָבען זיך געהיילט איינצוקויפען וואָס זיי האָבען בעדאַרפט, און גיך לוי־פען אַ היים.

זיי האָבען זיך געשטופּט געשטויסען און געדריקט אין דער ענגשאַפט, און האָבען געפילדערט און געליאַרעמט. די וואָגענס אין די געדרענגטע גאַסען האָבען זיך קוים דורכגעשלאָגען אַ וועג, און די טרייבער האָבען גראָב געשאָלטען און געזידעלט דעם עולם פּאַר־

דער גרויסער ענגשאַפּט. הונדערטער פּעדלערס שטעהענדיג ביי שטופּוועגעלעך, אָדער שטופּענדיג די וועגעלעך פאַראויס צווישען דער מאַסע איינקויפער, האָבען אויף אַ קול אויסגערופען די מעלות פון זייערע סחורות, און האָבען מיט ליאַרעם און געפילדער איינער דעם אַנדערען אַקאָמפּאַנירט און איבערגעשריגען.

— אָר-ענד-זשעים — האָט זיך געריסען אַ רויט אידעל מיט אַ דיקען קאַרק און אַ הייזעריגער שטימע, —קאַ—לי—פּאָני... אָרענד-זשעים... דריי פּאַר אַ ניקעל... דריי פּאַר אַ ניקעל... דריי פּאַר.. אַ-ני-י-קעל... האָט ער געשריגען און האָט צונויפּ-געלייגט זיינע רויטע און געלע מאַראַנצען אין צוויי גרויסע פּיראַמידען.

איהם האָט אַקקאָמפּאַנירט אַ דין, ווייך שטימעלע פון אַ גרין אינגעל:

— גריי-פּעס... גריי-פּעס... וויינ-טרויבען... האָט ער געקווימשעט אויף אַ מיידעלש קול. צייטענווייז האָט זיי ביידע פאַרהילכט די בייזע שטימע פון אַנ'אַלטען גרויען אידען:

— רעטעכער... רעטעכער... רעטעכער — האָט ער אין אָטעם זיך געבייזערט. ער האָט מאָדנע גיך געווישט די וואָנצעס אַהין און אַהער מיט דער אויסערליכער זייט פון זיין האַנט און האָט ווייטער געדונערט. — רעטעכער... רעטעכער... רעטעכער... ביז דער אָטעם האָט געכאַפּט. אַביסעל ווייטער האָט אַ לאַנגער דאַרער איד מיט אַ געל פּנים און אַ בלאָנד שיטער בערדעל געשטופּט זיין וועגעלע פאַר זיך און האָט מיט אַ רחמנות'-דיגען נגון געבעטען:

— טשיי-נע... פּאָרצעליי אויף שבת... קויפט... קויפט אויף שבת... אַ טוים שרעק איז אין זיינע אויגען געווען. און

ניט אומזיסט: ער איז מאַקי ערשט קוים נצל געוואָרען פון דעם טויט. פון אונטער אַ גרויסען ביער־ברויערס וואָגען איז ער קוים אַלעבעדיגער אַרויסגעקראָכען.

דער טרייבער פון דעם וואָגען—אַ דיקער דייטש מיט צע־שויבערטע וואָנצעס, מיט אַ פאַר׳שכור׳ט פעט פנים און רציחות׳־דיגע אויגען האָט מיט זיינע אייזערנע הענט צוריק געהאַלטען די שטאַרקע פערד, כדי דורכ־צולאָזען. דעם עלעקטרישען טראַמוויי אויף די רעלסען וואָס האָבען איבערגעשניטען זיין וועג. דער טראַמוויי האָט דערפאַר אָהן אַנ׳אויפהער געקלונגען מיט זיין גלאָק. דער דייטש האָט אין אַ סעקונדע פאַרשטאַנען די געפאַהר. ער האָט אָנגעשפּאַרט זיינע פיס אין דעם אונטערשטען אייזען פון זיין זיטץ, האָט מיט זיין גאַנצען כח זיך צוריקגעלעהענט און אויסגע־צויגען, און האָט מיט אַנ׳אייזערנער מאַכט צוריקגעצויגען די לייצעס.

— בעק... בעק... האָט ער געשריגען מיט אַ ווילדער רציחה אויף די פערד.

— פערדאַמט... צוריק... דאָנער וועטער... און איז פון כעס רויט געוואָרען אין פנים. די פערד האָבען נאָכגעגעבען. דערשראָקענע, האָבען זיי זיך געזעצט אויף די הינטערשטע פיס און האָבען אויפגעהויבען די פאָדערשטע אין דער לופטען. דער גרויסער ביער־וואָגען האָט צוריק געראָלט אין דער גאַס, און האָט הינטען אַרום שיער ניט צעקוועטשט דעם אָרימען פעדלער מיט זיין פאָרצעליי. דורך אַ נס האָט ער זיך אויסגעדרייט פון אַ זיכע־רען טויט, און אין טויט שרעק האָט ער עפּעס מיט אַזאַ רחמנות׳־דיג קול געשריהען.

— טשיי־נע... פאַרצעליי... אויף שבת... קויפט...

קויפט אויף שבת . . . דער עלעקטרישער טראַמוויי איז דורכגעלאָ־
פען אין דעם געטומעל פון זיינע קלאַנגען . פון אונטער זיינע רע־
דער האָט געקנאַקט און געשאָסען אַ בליטץ־שנעלע רייהע פון
הילכיגע ראַפּפּאָרטען . דאָס האָט עקספּלאָדירט אַ בינטעל פון רויטע
פייער־ווערק פיסטאָנען , וואָס אַ קליין אינגעל האָט צוליעב דעם
קומענדיגען יום טוב פון דעם 4 טען יולי שוין איצט אונטער־
געוואָרפען אונטער דעם וואַגאָן . דער וואַגאָן איז געלאָפען איבער
די רעלסען ; דאָס פייער־ווערק האָט געקנאַקט און געשאָסען און
דער עלעקטרישער וואַגאָן האָט זיך געוויגט און געהוידעט אין
אַ וואָלקען פון רויך , פונקען און פלאַמען . . . דאָס אינגעל איז
געשטאַנען פון דערווייטענס , האָט צוגעקוקט מיט די לעבעדיגע
אויגעלעך און האָט געקוואָלען פון גרוים הנאה .

און דער טומעל האָט זיך געטראָגען אין גאַס . אָפּטמאָל
האָבען זיך פון דעם גערויש אויך אויסגעטיילט שאַרפע שטימען
פון בייזע ווייבער, וואָס האָבען זיך געשאָלטען וויא מאַרק־
סערכעס :

— מרשעת , רייס ניט פון די הענט — האָט געשריהען
אַ שטים .

— איך גיב דיר מיט׳ן בינטעל איבער׳ן קאָפּ — האָט
אַנ׳אַנדערע געענטפערט .

— חוצפה — האָט איינע געזידעלט .

— פגירה — האָט אַ צווייטע אויסגעשפיגען מיט פערדרוס .
און דער חריין הענדלער, נעבען וועמען זיי האָבען זיך געקריגט ,
האָט זיי אַלע איבערגעשריגען מיט אַ נגון .

— צעכאַפּט זיי , ווייבערלעך , פרישינקע בינטלעך . . . חריין
אויף שבת . . . אויף מיר אַזאַ יאָהר . . . חריין אויף שבת . . .

איהם אַנטקעגען, פון איבער דער גאַס, האָט גענטפערט די קלינגענדיגע שטימע פון אַ יונגען מאַן — האַלב יענקי, האַלב איד.

ער איז געשטאַנען אויפ'ן עק גאַס. פון אַ רייוען=טאַש איבער'ן אַקסעל האָט ער אויסגעטיילט שטיקלעך קיי=גומע און האָט געשריגען, געפּילדערט, געררופען קונים, געזונגען און גע=טאַנצט מיט אַ נאָכגעמאַכטע נעגערשע התלהבות.

— היי... האָט ער גערופען זינגענדיג.

„ווילט איהר עס... בײ'עם (קויפט עס)
„ווילט איהר ניט... טריי'עם (פּרופט עס)
„איך גיב עס פאַר נאטהינג!...
„באָט, ווען יואָ טריי'עם
„אַך, יואָ'על בײ'עם
„היי, טריי'עם, בײ'עם!...

און איינבויגענדיג דעם קאָפּ האָט ער אויפגעהויבען זיינע צושפּרייטע אויסגעבויגענע הענט אין דער הויך ביז די אַקסלען, און בעוועגענדיג דעם קערפּער אין שנעלע צוקונגען, האָט ער געטאַנצט מיט די טריט פון זיינע דינע פיס אין די לאַקירטע שיך, מיט גרויס התלהבות, דעם נעגערשען זשינג'אָ=טאַנץ... און דער עולם האָט זיך אַרומגעשטעלט אַרום איהם, האָט איהם מיט פאַרגעניגען אָנגעקוקט, געלאַכט און געפרייט זיך. און ער האָט געטיילט שטיקלעך קיי=גומע און גיך און געשיקט האָט ער פאַרקויפט זיין וואַרע. אַמאָל, ווען ניט ווען, אין די שטילערע מאָמענטען פון דעם גערויש, פלעגט זיך דערטראָגען אַ הער

אויך די טרויעריגע געצויגענע שטימע וואָס האָט פאַמעלאַך געזונגען:

— ליכט... און מעט־שעם... מעעט־שעם און ליכט...
צוויי — פאַר — אַ־פּע־עני... קויפט... ווייבער... צוויי פּאַר־אַ־פּעעני.

און די אַלע קולות און געשרייען, ליאַרעם און געפּילדער האָבען זיך געצויגען, בעהעפט און צונויפגעגאָסען אין איין גרויסען זשומעדיגען טומעל פון דעם מאַרק. און אין דעם טומעל האָבען קונים געקויפט, געדונגען זיך, געריסען זיך... געשריגען און געקויפט... און די געוועלבען, סוחרים און סוחרים׳לעך, פּעדלער און פּעדלער׳לעך האָבען געלט געלייזט יענעם פריטאָג פאַרנאַכט.
„די באָבע״ האָט אויך צוביסלעך געלייזט יענעם ערב שבת.

* * *

אָבער ניט פון דעם מאַרק אַליין האָט זיך געטראָגען דער טומעל אין דער גאַס און איז געהאַנגען וויא דער רויש פון אַ וויי־טען וואַסער־פאַל אין דער לופט פון דער געגענד.

אַנטקעגען, איבער דער גאַס, וואו „די באָבע״ איז געשטאַ־נען, איז געווען דער סיואַרד פּאַרק — אַ שטיק ליידיג פּלאַץ, אַרום־געצאַמט מיט אייזערנע גראַטעס.

אַ פּאַרק איז עס געווען נור ווייל עס האָט געהייסען אַזוי. אין דער אמת׳ן אָבער זיינען אין דעם אָבגעצאַמטען פּלאַץ געווען נור עטליכע הויכע, יונגע בוימעלעך, אַביסעל גרין גראָז, אַ פּאָר אָבגעבליאַקעוועטע בלומען־בייטען; לאַנגע אייזערנע פאַראָסטע־טע ביינק, אויסגעשטעלט אויף די ברייטע אספאַלטענע שטעזשקעס;

אַ פרייע באָד־הויז מיט אַ גרויסען גאַניק פאַר אָרעמע מוטערס מיט קראַנקע עופ'עלעך, און צוויי אָבגעצאַמטע שטיקער "פּאַרק" פאַר עלטערע קינדער צו שפּילען זיך. אָט דאָס איז געווען סיואַרד פּאַרק.

דערפאַר אָבער איז סיואַרד פּאַרק געווען די עיר־מקלט פון אַלע מינים מענשען. דאָרט האָבען זיך אַרומגעדרייט אָרעמע ארבייטער אָהן אַרבייט, וואָס פלעגען זוכען צו פאַרדינען אַ גראָ־שען — דאָס איז געווען זייער בירזשע. אַהער פלעגען קומען די סוועטערס — קליינע און גרויסע—דינגען "הענט" צו דער אַרבייט. דאָ פלעגען אויך אַרומשפּאַצירען יונגע פּאָרלעך, בהורים און מייד־לעך פון די אָרעמערע אַרבייטער — סוד'ען זיך... פאַ־ליבען זיך... אין אַ מאָל, און אידילישער אונשולד, דאָ טאַקי, קושען זיך אונטער די יונגע בוימעלעך שפּעט ביי נאַכט. דאָ פלעגען אָפּט־מאָל קעשענע גנבים אויסראַמען ביים אָרעמאַן דעם לעצטען סענט, וואָס ער האָט געטראָגען איף ברויט פאַר זיינע קינדער. הונגער־מער און טויזענדער פלעגען דאָ פאַרבייגעהן, לויפען אין הייל־גים אין מאַרק אַריין, אָדער צוריק פון דעם מאַרק, אַהיים. און דער רויש און טומעל איז געווען דאָ ניט קלענער ווי אין מאַרק, און ער פלעגט זיך ציהען פון דאַנען צו יענעם טומעל אין מאַרק, און פאַרשמעלצען זיך מיט איהם.

דעם פרייטאָג פאַרנאַכט איז סיואַרד פּאַרק וויא תמיד געווען אָנגעפּאַקט מיט מענשען. די קינדער האָבען זיך וויא געוויינליך געשפּילט אין זייערע אָבגעצאַמטע אָבטיילונגען לעבעדיג און פרייהליך — מיט קינדערשער התלהבות און קינדערשען גענוס. די אינגלעך האָבען זיך געשפּילט בעזונדער, די מיידלעך בעזונדער. די מיידלעך האָבען דאָס רוב געטריבען רייפען, און לוסטיג מיט

פרייהליכע אויסגעשרייען זיינען זיי נאָכגעלאָפען נאָך זיי. איינינגע זיינען געשפרונגען, געטאַנצט און געשטיפט איבער די שטריק וואָס זיי האָבען געוואָרפען איבער זיך און האָבען געציילט.

— איינס, צוויי, דריי... יעדער שפרונג איבער'ן שטריק. אַנדערע האָבען זיך געהוידעט אין די הוידעלקעס און האָבען, ווער מיט מורא און ווער מיט פאַרגעניגען, געשריגען און געפילדערט אין אנגסטען אָדער פרייד. איינינגע האָבען זיך צוליינגט אויף דער ערד און האָבען פון ווייסער נאַסליכער זאַמד קינדערשע הייזער געבויט, קעלערס און גריבער געגראָבען און קייטען פון בערג אָנגעשאָטען... און נאָך אַנדערע האָבען מיט פאַרפלאַמטע פנים'ער געשפּילט אין חאַפּערלעך. זיי זיינען געלאָפען, הילכיג געלאַכט, געחאַפּט איינס דאָס אַנדערע און פאַרגאַנגען זיך לאַבענ-דיג אויף אַ קול פון פאַרגעניגען.

און אין די לעבעדיגע קינדערשע שפילען, און די געשרייען און ענטציקונגען, אין דעם גאַנצען בענעמען האָט זיך געפילט די שטילע בנעימות'דיגע, ריינע מיידעלשע נשמה.

די אינגלעך האָבען זיך מיט מעהר רוגזה געשפּילט און האָבען שטאַרקער געפילדערט. אַ חברה האָט אין מיאַטש געשפילט. רויטע-פאַרשוויצטע, האָבען זיי מיט מעגליכער קראַפט געשלידערט דעם מיאַטש, געלאָפען נאָך איהם, געחאַפּט איהם און געוואָרפען אין דער לופט צו זייערע חברים אויף דער אַנדערער זייט, בעת די געגנער זייערע — דער אַנדער צד — זיינען אין דער צייט וויא פאַרסם'טע מיוז געלאָפען איבער די געצייכענטע וועגען פון דעם שפיל-פּלאַץ.

אַנדערע האָבען גימנאַסטיקע געמאַכט. וואונדערבאַרע קונצען געוויזען. אין אייזערנע רינגען זיך געהוידעט. איבער אייזערנע

שטאַנגען אין דער לופטען זיך איבערגעקולעט. די עטנציקטע הברים זיינען געשטאַנען אַרום, בעוואונדערט יעדע בעוועגונג, און מיט די הילכיגע אויסגעשרייען פון דער ענטציקטער קינדערשער נשמה האָבען זיי פאַרטויבט די געגענד.

און דער פריוויליגער געטומעל פון די קינדערשע נשמות האָט זיך צונויפגעגאָסען מיט דעם ליאַרעם פון די רערוואַקסענע אין פאַרק. יענע זיינען טהיילוויז געזעסען אויף די ביינק, און טהיילוויז געשטאַנען אין רעדלעך איך די געפלאַסטערטע שטעגעלעך. זיי האָבען מיט כוונה גערעט צווישען זיך, אָפטמאָל גערעט מיט אַ קאָל, געמאַכט מיט די הענט, געשריגען און געקריגט זיך, אַקוראָט וויא זיי וואָלטען מיט זייערע רייד און קולות אייפגעלעזט די פּראָבלעמען פון דער מענשליכער זעלע אָדער פון דעם מענשליכען לעבען.

איין רעדעל מענשען האָט מעהר וויא אַלע צוגעצויגען די פאַרביינגעהער.

דאָס איז געשטאַנען מאָטיע גוי — די גרויסע פערזענליכקייט פון מיזארד פאַרק. איהם האָבען אַלע געקענט. ער איז געוועזן דער רעדנער, דער אַגיטאַטאָר, דער נביא פון דעם פאַרק. אַ נידעריגער דיקער איד מיט אַ ברוינע געשאָרענע באָרד און אַנרויסען פליכענעם קאָפּ, פלעגט ער שטעהען פאַר׳ן עולם, אָהן אַ היטעל, און מיט זיין דיקער שטימע רייהען צום פאָלק. דאָס רעקעל איבער דער האַנט, מיט פאַרקאַטשעטע אַרבעל, ערשט פון דער אַרבייט, מיט אַ צושפּילעטער זשילעט און אַ האַלב-צעהראַסטעטע העמד, פון וועלכער עס האָט זיך אַרויסגעזעהען די פאַרוואַקסענע ברוסט, פלעגט ער שטעהען אַ בייזער, אַנ׳אויפגערעגטער, מיט ברענענדיגע אויגען — אַנ׳אַלטע רויטע פאַטשילע איז דער האַנט — און ריידען

צו זיינע ברידער, די סוועט־שאָפּ קנעכט. אין גיכע ניט־דערדערטע פראַזען, פונקט וויא ער וואָלט זיך געהיילט מעהר און מעהר צו־דערציילען זיי וואָס, פלעגט ער, דער נייער עמוד האש, אין קאָלי־רען פון פלאַמען פייער, מאָלען זיי זייער לאַגע, דערציילען זיי וויא מען שינדט פון זיי די הויט, וויא מען נעמט ביי זיי צו דעם לעצטען ביסען פון מויל... און ער פלעגט ניט שאַנעווען די בלוט־זייגער... אָבער ער פלעגט אויך די קנעכט ניט שאַנעווען...

— פאַר וואָס שינדט מען אונז? פלעגט ער פרעגען מיט זיין גרויסער באַסען שטימע.

— ווייל מיר זיינען אָקסען... אָקסען צום שינדען אונזער פעל... פלעגט דונערען אין דער לופט. און ער פלעגט זיך גיך אַוויש טהון מיט דער רויטער פאַטשיילע דאָס פאַרשוויצטע פנים און דעם נאַסען פליך, און ווידער ריידען מיט ברענענדיגער בעגייסטערונג. וויא אַ נביא פלעגט ער אַריינקוקען אין דער ווייטער צוקונפט, זעהען בנבואה די אָנקונפט פון אַ גאָלדענער צייט.

זיינע צוהערער פלעגען איהם ניט תמיד פאַרשטיין, אבער זיי האָבען אימער געפילט זיינע וואַרעמע רייד, זיין ביטערען אמת, און זייערע פנים'ער פלעגען עדות זאָגען אַז זיי האָבען שטיל אין דער נשמה געגאַרט אַז עס זאָל מקוים-ווערען זיין נבואה.

און זיין שטימע, די שטאַרקע שטימע פון אַ פאָלקס-רעבעל פלעגט זיך הערען אין דעם געטומעל פון פּאַרק.

און אַלע געשרייען — דער קינדערשער יובעל פון לוסט און פרייד, די קרעמערישע קולות פון האַנדעל און וואַנדעל. דער פּוסטער ליאַרעם פון ליידיגעהער און פאַרבייגעהער, און די געוואַגטע שטימע פון אַ דענקענדען קנעכט — פלעגען זיך צונויפגיסען אין איינעם,

וויגען און בעוועגען זיך מיט דער טויזענד־קעפּיגער עדה, און טראָגען זיך אין אַ ברויזענדען געֶרויש מיט די חוואַליעס פון דער לופט, און הערֶען זיך פון וויטען, וויא דאָס רוישענדע וואַסער פון דעם מעכטיגען ניאגארא, אין דעם אידישען קוואַרטאַל יעדען פרייטאָג פאַרנאַכט...

* * *

ערב שבת. די זון האָט זיך שוין האַלב בעהאַלטען אונטער דעם גרויסען קלויסטער־טהורם. נור די העכערע שפּיצען פון די יונגע בוימעלעך אין סיואַרד פאַרק זיינען בעלויכטען פון איהרע שטראַהלען. אויסגעצירט אין אַ גין־גאָלדענער קרוין, שאָקלען זיי זיך אין דעם קיהלען ווינטעל, און ווינקען מיט די בלייטצענדיגע בלעטעלעך צו דער קומענדיגער שבת׳דיגער רוהע. ברייטע גרויסע שאָטענס שפּרייטען זיך אויס און לייגען זיך איבער די הייזער פון דער געגענד. דער רויש הייבט אָן צופאַרשווינדען ערגעץ־וואו ווייטער און ווייטער אין רוים. עס ווערט ביסלעכווייז שטילער. אין די גאַסען ווערען וויינינגער מענשען. וויינינגער ווערען די וועגען און וועגע־לעך. דאָ און דאָרט הערט זיך דער קלאַפּ פון אַנ׳אייזערנע טיהר וואָס מאַכט זיך צו אויף שבת. אַ ריגעל פאַררינגעלט זיך, אַ טיהר פון אַ קעלער פאַלט צו מיט אַ קלאַפּ... און עס ווערט שטילער... אַלץ שטילער...

„די באָבע״ קלייבט זיך שוין צו גערֶהען אַ היים. דער שבת קודש קומט. זי לייזט נאָך אָבער אַ ביסעל געלט... און... ס׳איז אַנ׳עברה אַוועקצוּוואַרפען. און קונים לויפען דורך און קויפען ביי איהר ליכט און שוועבעלעך. אָט האָט ביי איהר אַ פאַרשמייעטע

אירדענע מיט אַ קאָשעק אויפ'ן אָ־עם ליכט געקויפט. די אלטע האָט זיך צו לאַנג געפּאָרעט מיט דעם אויסגאָב, זי זעהט שוין כמעט גאָרניט, און די אידענע בייזערט זיך און טרייבט זי אונטער.

— גיבער, באַבע, גיבער!... עס ווערט שפּעט.

אַ פאַרשייט אָבגעריסען אינגעל קויפט ביי איהר שוועבעלעך. מיט אַ נאַנצע האָפּטע ווייסע חברה'ניקעס רויכערט ער זיין ציגאַרעטעל און בלאָזט דעם רויך דער אַלטער אין פּנים אריין. ער לאַכט מיט זיינע חברים און זיי מאַכען חוזק פון איהר. זי בייזערט זיך אויף די ווייסע חברה'ניקעס און סטראַשעט זיי מיט דעם שטעקען. אַ ...ד מיט אַ נאַסער באָרד און פאות און אַן'אויפגעפּריעט פּנים'ל האָט ביי איהר ליכט און שוועבעלעך אויף שבת געקויפט און האָט איהר פריינדליך געהאָלפען געבען איהם פון איהר פולער האַנט מיט קליין־געלט אויסגאָב פון אַ זילבערנער מטבע. און אין מארק ווערט אַלץ שטילער און שטילער. די זון האָט זיך שוין באַלד אינגאַנצען געזעצט, נור אַ רויטער גליהענדע פאַס האָט זיך נאָכגעצויגען איבער דעם טונקעל־בלאָען האָריזאָנט, און עס פילט זיך אַזוי וויא אַ טיפע גרויסע שטילקייט רוקט זיך מעהר און מעהר אָן אויף דער געגענד. דאָ און דאָרט נור האָט נאָך אַ פערשפּעטיגטער פעדלער מיעד געצויגען זיין לייט־מאָטיוו.

— קויפט, ווייבער, קויפט. — און ווען ניט ווען האָט מען נאָך געהערט די הילכיגע איסגעשרייען פון שפּילענדיגע קינדער. איפ'ן עק גאַס איז נאָך דער אייזמאַן געשטאַנען אויף זיין וואָגען און האָט אייז פאַרקויפט. זיין פערד האָט מיעד אַראָבגעלאָזט דעם לאַנגען שמאָלען קאָפּ, און האָט מיט די נאָזלעכער צעבלאָזען דעם שטויב אויף דער ערד. אַ קערענדעל האָבער האָט ער געזוכט.

אומזיסט, נעבעך, האָט ער אַ הויבגעשהון די אויבערשטע ליפּ און האָט אַרויסגעשטעלט זיין בלאַבּ־רויטע יאַסלע מיט די אַלטע פאָרער־שטע ציין — ער האָט גן געפונען... אַזוי וויא פאַרשעמט האָט ער אַראָבגעהאַנגען זיין שווערע קאָפּ, האָט צוגעמאַכט די אַלטע מידע אויגען און האָט געדרעמעלט. ווער ווייסט, אפשר האָט ער זיך גע'חלומ'ט פון דער מאָרגענדיגער שבת'דיגער רוהע.

זיין בעל-הבית — דער אייזמאַן — אויסגעמאַטערט און פאַרשוויצט, איז געשטאַנען אויפ'ן וואָגען מיט אַ גרויסער אייזערנער צוואַנג אין איין האַנט. מיט דער אַנדערער האָט ער האַלב־קיילעכדיג פאַר־שטעלט דאָס מויל און האָט שאַרף געשריגען —

— אייז... אייז... אייז...

„די באָבע" האָט איינגעדעקט איהר סחורה אין קאָשעקעל. אַ מינוט איז זי געבליבען שטעהען. אַ ליכטיגער שטראַהל האָט בעלויכטען איהר געקנייטשט פנים און האָט, דוכטזיך, אויסגעפּילט די קנייטשען.

— דער שבת קדש קומט — האָט זי געקלערט. די אַלטע גרויסע געוואוהנהייט פון איהר נשמה האָט זיך גראָד איצט צונויפגע־שמאָלצען מיט אַ געפיהל פון טיפען טרויער. אָבער אַ ליכטיגער, אַ פרייליכער געדאַנק האָט עפּעס פלוצלונג גובר געווען, און האָט בעזעעלט דאָס אַלטע פנים... מאָרגען האָט איהר שלמה'לע יאָהרצייט נאָך דעם טאַטען. מאָרגען — שבת — וועט ער זאָגען קדיש אין שוהל. און היינט... הייטט וועט זי איהם קויפען דאָס ערשטע קאָסטיומעל זינט זיין מוטער איז געשטאָרבען. ביז אַצינד האָט זי איהם ניט געקענט קויפען קיין מלבושים... איז ער גע־גאַנגען אין די אַלטע שמאַטעס וואָס זיינען איהם געבליבען בירושה פון איהר. היינט אָבער וועט זי איהם קויפען דאָס קאָסטיומעל

אויף וועלכען זי האָט שוין לאַנג געוואָרפען אַנ'אויג . און זי האָט אַ טיפען זיפץ געטהון... — עס קאָסט אפילו 98 סענט... כמעט אַ גאַנצער דאָלאַר... אָבער דערפאַר איז עס אַ שיין קאָסטיומעל, אַ וואויל קאָסטיומעל... און פאַר לייטען — גאָר בזול. פאַר איהר אָבער ?... פון פסח אָן האָט זי צונויפגעלייגט אַ פעני צו אַ פעני און האָט שוין, דאַכטזיך, אַ 7-48 סענט אָבגעשפאָרט... היינט וועט זי אַראָפּנעמען פון דעם לייז-געלט דאָס איבעריגע — מעג זיך זיין וואָס עס וויל זיך — און וועט איהם קויפען דאָס קאָסטיומעל. נישקשה, זי וועט זיך שוין איבערין זומער איבערמוטשען און וועט מיט גאָטס הילף ביסלעכווייס דורכקומען... גאָט וועט איהר העל-פען. אָבער דערפאַר מאָרגען... ווען זי וועט געהען מיט שלמה'לען אין שוהל אַריין...

— רבונו של עולם, ווער וועט זיין גלייך צו מיר ?... האָט זיך ביי דער אַלטער אַרויסגעריסען פון דער נשמה. און אַז ער וועט שטעהען אויף דער שוהל-באַנק און וועט מיט זיין הויך-קלינ-גענדיג קול'כעל זאָגען דעם יתגדל ויתקדש שמה רבא...

— אַך, גאָטוניו... און זי איז געשטאַנען אַ מינוט אין דעם שטילען הייליגען שאָטען פון דעם קומענדיגען שבת, און האָט אין אַ טיפען הייליגען עקסטאַז געריבען איהרע אַלטע הענד, און עפּעס אַזוי וויא אונגערען האָט זי געוויגט זיך פון איין פוס אויפ'ן אַנדע-רען, און דאָס שטראַהלענדיג פּנים האָט זיך וויא אַ מאַיאַטניק צוגע-שאָקעלט צום טאַקט פון איהר נשמה פרייד...

* * *

אויף דעם וועג אַ היים האָט „די באָבע" געקויפט דאָס קאָסטיומעל פאַר שלמה'לען און איינגעוויקעלט וויא תמיד, דאָס

קאָשעקעל אויף איין האַנט, דעם שטעקען אין דער אַנדערער, איז זי דאַכטזיך, גרינגער און גיכער געגאַנגען. די פרייד פון איהר נשמה האָט זי אונטערגעטריבען.

אין גאַס איז שוין שטיל געווען. אַ הייליגע רוהע האָט זיך פאַרשפּרייט אומעטום... און דאָ און דאָרט האָבען זיך שוין אָנגעצונדען בענטש־ליכט, און האָבען מיט זייערע פרייהליכע חן'עוודיגע פלאַמען געוואונקען דורך די פענסטער אַ גוט שבת דער גאַנצער געגענד.

II.

# דער זילבערנער האלבער דאלאר.

אינדרערהיים האט „די באבע" אראבגעווארפען פון זיך די ויאכעדיגע שמאטעס און מיט זיי—דעם יאך פון די וואכעדיגע זארג. זי האט זיך שבת'דיג ארומגעוואשען. האט אנגעטהון איהרע אלטע שבת'דיגע קליידער און האט זיך צוגעגרייט ליכט-בענטשען. די צוויי ארעמע חדרים'לעך וואו זי האט געוואהנט מיט שלמה'לען אין שבטת זענען שוין לאנג געווען ריין, ציכטיג, שבת'דיג. די אלטע מעשענע לייכטער מיט די ווייסע סטעארינענע ליכט האבען גע-גלאנצט אויף דעם בעדעקטען טיש און האבען געווארט אויף דער באבע. שלומה'לע פלעגט יעדען פרייטאג פארנאכט אויספוטצען די לייכטער, אריינשטעלען די ליכט אין זיי און שטעלען זיי אויף זיי-ער ארט. ער פלעגט ווארטען מיט אונגעדולד אויף ליכט-בענטשען. ער האט זעהר שטארק ליעב געהאט צו זעהען ווי די באבע בענטשט ליכט.

איצט האט ער, ווי אימער אין דער צייט, האלב שטעהענ-דיג אויף די קניע פאר א בענקעל, געציילט דאס לייז-געלט, וואס „די באבע" פלעגט יעדען פרייטאג אין דער צייט אויסשיטען פאר איהם פון איהר לייווענטענעם בייטעל. היינט איז ער אבער געווען פול מיט פרייד איבער דעם קאסטום, וואס זי האט איהם גע-קויפט, און ער האט געציילט דאס געלט מיט א מאדנע ווארעמע קינדערשע בעגייסטערונג. א סענט צו א סענט, א ניקעל צו א ני-קעל און א צעהן סענט-שטיק צו א צעהן סענט-שטיק—האט ער מיט

קינדערשער התלהבות איבערגעציילט די מטבעות און צונויפגעלייגט אין בעזונדערע הייפענדלעך.

שלמה'לע איז געווען אַ קליין דאַר אינגעל, אָבער אַ ריר־עוו־דיגער, אַ גיכער, אַ לעבעדיגער, און זיינע ברוינע אויגען האָבען געברענט ביי יעדען טייט מיט'ן פינגער אויף דאָס צונויפגעלייגטע געלט, ווען ער האָט עס גערעכענט און איבערגערעכענט. די בלאַסע בעקלעך האָבען געפלאַמט, דאָס פלאַבע קעפּקעלע האָט זיך פאַררוקט אויף הינטען אויפ'ן שפּיץ־קאָפּ, און די גלייכע בלאָנדע האָר זענען צעשויבערט געלעגען אויף דעם שטערען.

— איינס... צוויי... דריי... האָט ער געטייטעלט מיט דעם פינגער און האָט געציילט די קופּקעלעך געלט.

— ווייניג, ווייניג געלט — האָט ער געטראַכט. — אפילו אַ סך פּענים*), אָבער זעהער ווענינ ניקעלס**)... אינגאַנצען דריי, פיער דיים'ס***)... און נור צוויי קוואָדערס****)... אַ בי־סעל געלט. און ביי די צייטונגען האָט ער היינט אויך ניט פאַר־דינט. פרייטאג!.. און פרייטאָג דאַרף ער העלפען אויפרוימען, האָט ער געטראַכט און עס האָט איהם פאַרדראָסען. אָבער דערפאַר האָט ער גאָר מיט אַ בעזונדערען פאַרגעניגען געקוקט אויף אַ גרויס געלד־שטיק, וואָס איז געלעגען אָבגעזונדערט פון אַלע, נאָך דעם ווי ער האָט אויסגעציילט די איבעריגע מטבעות. ער האָט אַיינגעבויגען דאָס קעפּעל אויף אַ זייט און האָט מיט פאַרגעניגען געקוקט אויף דעם געלד־שטיק. עס איז געווען אַ זילבערנער האַלבער דאָלאַר. ניט אָפט פלעגט ער זעהען אַזאַ גרויס-געלד און „דער באָבעס"

*) פעני—סענט. **) ניקעל—פינף סענט. ***) דיים—צעהן סענט.
****) קוואדער—פערטעל דאלאר.

לייזונג, און שלמה׳לע האָט מיט אָבשיי גענומען דער באָבעס האַלבען דאָלאַר אין די הענט און האָט זיך געפרייט.

די באָבע איז שוין געווען פֿאַרטיג צו ליכט־בענטשען. אין די שבת׳דיגע מלבושים מיט דעם אַלטען אַטלעסענעם שטערענטי־בעל איף דעם קאָפּ האָט זי גאָר אַנדערש אויסגעזעהען ... שבת׳דיג אויסגעזעהען. שלמה׳לע האָט געהאַלטען דעם האַלבען דאָלאַר אין די הענט, און האָט איהם ערנסט בעטראַכט. עפּעס האָבען זיך גע־מינעט און געביטען די קאָלירען פון זיין פנים, און די אויגעלעך האָבען דערשראָקען געקוקט אויף איהם.

— באָבע, האָט ער זיך געווענדעט צו איהר, ווען זי איז געגאַנגען צום טיש ליכט־בענטשען—איז עס אַ גוטער האַלבער דאָלאַר? זי האָט זיך אָבגעשטעלט.

— אַ גוטער? וואָס הייסט אַ גוטער?—האָט זי איבערגעפרעגט פאַרוואונדערט. — געוויס אַ גוטער, מיין קינד, ווי דען?

ער האָט זיך צוגעקוקט צום האַלבען דאָלאַר, האָט איהם געדרייט אויף אַלע זייטען און האָט איהם גוט בעטראַכט. די באָבע איז שלומה׳לען פֿאָראיבערגעגאַנגען, געהענדיג צום טיש.

— באָבע—האָט ער זי אָבגערופען, און עס האָט איהם אַ טיאָכקע געטהון אין הארצען—באָבע, דער האַלבער דאָלאַר איז נאָ גוד—ער טויג ניט ... האָט ער מיט אַ משונה׳דיגען קול אויס־געשריגען, און האָט זיך דערשראָקען פאַר זיינע אייגענע ווערטער. די אַלטע האָט איהם ניט גוט פאַרשטאַנען.

— האַ? וואָס האָסטו געזאָגט, שלמה׳לע? — האָט זי זיך אומגעקעהרט צו איהם און האָט איהם אונרוהיג געפרעגט.

— דער האַלבער דאָלאַר איז ... איז ... א ... א ... א פאַל־

שער ... אַ פאַלשער האַלבער דאָלאַר—האָט ער דערשראָקען גע־שטאַמעלט.

— אַ פאַלשער האַלבער דאָלאַר? וועה איז מיר... וואָס רעדסטו, קינד מיינס, ווייז נור... ווייז נור אַ הער — האָט זי פאַרציטערט אויסגעשריגען און האָט אויסגעשטרעקט איהר ביינער־נע האַנט.

שלמה׳לע האָט איהר דעם האַלבען דאָלאַר געגעבען. זי האָט איהם גענומען און נאָהענט צוגעט־אָגען צו די אַלטע אויגען. זי האָט אויסגעדרייט איהר אַלטען קאָפּ און האָט זיך קורצזיכטיג, מיט איין אויג, איינגעקוקט אין דעם האַלבען דאָלאַר, פונקט ווי זי וואָלט געוואָלט מיט דעם איין אויג—מיט דעם בעסערען—דורכזועהען אַז עס איז אַ גוטער האַלבער דאָלאַר.

— איך זעה נים — האָט זי זיך טרויעריג בעקלאָגט. שלמה׳לע רוף נור אַריין משה׳ן, רוף איהם אַריין, מיין קינד— האָט זי זיך געבעטען. און משה—אַ יונגער מאַן מיט קלוגע, גנבה׳שע אויגען איז אַריינגעקומען. ער האָט גענומען דעם האַל־בען דאָלאַר ווי אַ חוואַט, אַ קענער פין געלט, און האָט איהם גוט בעטראַכט, געפרובט מיט די ציין, געריבען אויף פאַפּיער, גע־וואויגען אויף דער האַנט, געקלאַפּט מיט איהם אין פּאָל. דער־ווייל האָבען זיך די שכנים דערוואוסט פון דער סבה, און זענען אַריינגעקומען אויף אַ מינוט אַ קוק טהון. יעדערער האָט בע־טראַכט דעם האַלבען דאָלאַר, יעדערער האָט אַ טאַפּ געטהון איהם, יעדערער האָט אַ מיינונג געזאָגט.

— אַ צינערנער האַלבער דאָלאַר—האָט משה בעשלאָסען—אַ פאַלשער...

— אוי איז צו מיר... וועה איז צו מיר—האָט די אַלטע

געאויקעט און געקרעכצעט און האָט פאַרבראָכען די הענט.

— וואָס וועל איך היינט טהון, וועה איז מיר, ווינד איז מיר ... וואָס וועל איך טהון ?..—איז זי אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב אַ דערשלאָגענע.

— אַ׳אַ רציחה ... אָבגאַרען אַנ׳אַלטע, אָרעמע אידענע— האָבען די שכנים בעדויערט און מיטגעפיהלט מיט דער אַלטער.

— פונדעסטוועגען, האָט משה באַמערקט, קען מען איהם נאָך פּרובען אַיועקגעבען ... מע דאַרף נור וויסען ווי אַזוי ... האָט ער שוין כמעט איף דער שוועל אַ זאָג געטהון. און איז זיך אַוועק־געגאַנגען א ציפרידענער. די באָבע האָט געהאַלטען דעם האַלבען דאָלאַר אין די הענט און האָט איהם פאַ־וואונדערט אָנגעקוקט.

— אַיועקגעבען ... איך זאָל איהם אַיועקגעבען. איך וועל דען קענען ?.. האָט זי ווי זיך אַליין געפרעגט. פּלוצלונג האָט זי ציטריפגעדריקט איהר ביינערנע האַנט מיט דעם האַלבען דאָלאַר, און האָט אַ טיפען זיפץ געטהון.

— גאָטעניו—האָט זי פאַרבימערט אויסגערעט,— היינט איף צו להכעיס, היינט ... און איהר האָט זיך אין די געדאַנקען פאַרגעשטעלט דער מילך־מאַן, די אידענע פון דעם קלייטעל ... דער בעקער ... וואָס וועט זי זיי זאָגען ... און דער גזלן פון די ליכט און שוועבעלאַך ...

— ער געטרויט דאָך ניט אפילו אַ סענט—האָט זי צו זיך אַליין גערעט.

— וואָס וועל איך טהון, וועה ... וואָס וועל איך טהון ?

די שכנים האָבען מיט מיטגעפיהל און מיט רחמנות צוגע־שאָקעלט מיט די קעפ און זענען זיך ביסלעכווייס צוגאַנגען.

די אַלטע איז אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב און האָט

געאויקעט און געקרעכצעט. — אפשר וואלט איך גאר אבגעשיקט דאס קאסטיומ'ל און וואלט אבגענומען דאס געלט צוריק—האט זי א טראכט געטהון. — דערציילען דעם אידען דעם אומגליק. ער וועט זיך דערבארעמען. ער איז דאך אויך א איד... און שלומה'לע?—האט זיך דער געדאנק ביי איהר אבגעריסען.

און שלמה'לע איז געשטאנען א דערשראקענער, א צוטומעלטער. די אויגעלעך גרויס געעפענט; די הענטעלעך, ווי פרעמדע, זענען אראבגעהאנגען ביי די זייטען פון דעם איינגעשרומפפטען קערפער'ל און דאס הערצעלע האט שטארק געקלאפט. איהם האט זיך אויסגעוויזען, אז ער איז דער שולדיגער אין דעם גאנצען אומגליק. ער זאל אבער גאר ניט געווען זאגען... האט איהם א שטימע איניווייניג געמוסר'ט... און ער איז געשטאנען א צושראקענער. די אלטע האט אלץ געדריקט דעם האלבען דאלאר אין איהר ביינערנער האנט.

— רבונו של עולם—האט זי מיט טיפער ביטערקייט אויסגעשריגען, און אין איהר שטימע האט זיך דער טרויער פון איהר מארק־נגון געהערט—רבונו של עולם...—פלוצלינג האט זי דערזעהן ברענענדיגע בענטש־ליכט אין א פענסטער אנטקעגען.

— טאהר מען דען?—האט זיך ביי איהר געביטען דער קול— ווי טאהר מען... מחלל שבת זיין... פארשטערען דעם שבת קודש... גאטעניו, פאטער בארעמהערציגער אין הימעל, זיי מיר מוחל מיינע זינד.—זי איז צונעגאנגען צום אלטען קאמאד און האט אין א ווינקעל פון דעם אויבערשטען שופליאד בעהאלטען דעם שלעכטען האלבען דאלאר און איז געגאנגען צום טיש ליכט־בענטשען. שלמה'לע האט א רגע איהר נאכגעקוקט, דערנאך האט ער שטיל צונויפגעלייגט דאס איבעריגע געלט אין דעם ליינווענדענעם ביי־

טעל, האָט איהם מיט די אָטשקור-בענדלעך פאַרצויגען אין פאַר-בונדען ווי אַ תפלים-זעקעל, און האָט איהם בעהאַלטען אין צווייטען חדר. פאַמעלעך האָט ער זיך אומגעקעהרט. שטיל, כמעט אויף די שפיץ פינגער, איז ער צוגעגאַנגען צום אַנדערען עק טיש און האָט זיך דאָרט אַנידערגעזעצט—זעהען ווי די באָבע וועט ליכט-בענטשען.

שלמה'לע איז געזעסען האַלב אָנגעלעהנט אָן דער וואַנט, האַלב אָנגעשפאַרט אויף זיין האַנט. ער איז געוועזען אומעדיגער ווי תמיד. פון זיין נשמה האָט די פאַסירונג ניט געקענט אַזוי גיך פאַרשווינדען. די אויגען זיינע האָבען געקוקט אויף דער באָבע און נאָכגעשפירט יעדע בעוועגונג איהרע. עס איז געוועזען שטיל אין צימער. די אַלטע האָט אָנגעצונדען די ליכט. זי האָט אַ צוויי-דריי מאָל אַ פיהר געטהון מיט איהרע דאַרע הענט אַרום די ליכט, גלייך ווי זי וואָלט זיי געוואָלט ווי איהרע קינדער אַרומנעהמען און צו-דריקען צום האַרצען. איהרע דינע ליפען האָבען זיך בעוואויגען און געשעפצעט שטילערהייר: ברוך הוא, ברוך שמו—דיביינערנע פינגער האָבען פאַרשטעלט דאָס געקנייטשטע פנים. שלמה'לע האָט געקוקט אויף די בעקאַנטע בעוועגונגען מיט אַ שטילער קינדערשער זאָרג, און האָט זיך צוגעהערט צו דעם שטילען אַנגענעהמען-מור-מלען פון דער באָבעס ליפען. ער האָט געוואַרט צו זעהן די שטראַהלענדיגע שבת'דיגע אויגען איהרע, באַלד נאָך ליכט-בענטשען און הערען איהר פרייל'יכען „גוט-שבת". וואָס פאַר אַ פערגעניגען עס פלעגט איהם מאַכען. ער האָט אַזוי ליעב געהאַט דאָס געליי-טערטע ליכטיגע פנים און איהרע שטראַהלענדיגע אויגען ... און ער האָט געוואַרט. היינט אָבער האָט די באָבע געהאַלטען איהרע הענט איבער דעם פנים לענגער ווי תמיד, און אין דעם שטילע

מורמלען האָט ער, דוכט זיך, אַ טיעפען זיפץ געהערט ... און נאָך איינעם. ער האָט זיך צוגעבויגען, אַיינגעקוקט זיך—בעסער צו־געהערט. און איהם האָט זיך אויסגעוויזען, אז ער הערט אַ שטיל־געוויין ... אַ כליפען ... דער באָבעס קערפער האָט זיך געטרייסעלט ... זי האָט געוויינט; געוויינט און געכליפעט ... שלמה'לע האָט מיט אַנגסט געקוקט אויף דער טרייסלענדיגער פיגור פון דער אַלטעצ־קע. זיין נשמה'לע האָט זיך געריסען צו איהר. אַרומנעהמען זי, צודריקען צו זיך, קושען זי... אָבער ער האָט ניט געוואַגט איהר איבערצושלאָגען. די באָבע איז שטיל געבליבען. שלמה'לע איז גיך אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט. זי האָט אַראָבגענומען די הענט פון דעם פנים און ער האָט צו איהר לויפען געוואָלט. איז ער אָבער אַ פאַרשטיינערטער שטיין געבליבען. ער האָט דערזעהן אויף די וויעס פון דער באָבעס אַלטע אויגען צוויי גרויסע טרערען. דער אַלטער קאָפּ האָט זיך פאַמעלעך געשאָקעלט, און אין די טרערען האָבען זיך אָבגעשפיגעלט די שטראַהלען פון דעם העלען פלאַקער פון די בענטש-ליכט. זיי האָבען געבלישצעט ווי צוויי גרויסע רע־גען-טראָפּענס אונטער דער פריהמאָרגענדיגער זון.

און שלמה'לע האָט זיך ניט געקענט אַ ריהר טהון. עפּעס איז איהם געוועזען אַזוי שווער אויף זיין נשמה'לע.

— די באָבע האָט געוויינט—איז ער זיכער געוועזן. דער אַלטער שאָקלענדיגער קאָפּ מיט דעם געקנייטשטען פנים און די בלישצענדיגע, טרערען אין די אויגען האָבען אָנגעפילט זיין גאַנצע נשמה, און עפּעס האָט אַזוי געגאַגט און געפּלאַטערט דאָרטען. אפילו ווען די באָבע האָט זיך שטום אַוועקגעדרייט אויסצווישען מיט איהר שבת'דיגער שירץ די פאַרוויינטע אייגען, איז דער אַלטער שאָקלענדיגער קאָפּ מיט דעם צעקנייטשטען פנים און די טרערען

אין די אויגען פארגליווערט געווארען פאר איהם... ער האט דאס פנים געזעהען פאר זיך... און וואו ער איז געגאנגען, און וואו ער איז געשטאנען דעם גאנצען אויפדערנאכט—איז איהם דאס אלטע פנים מיט די טרערען אין די אויגען נאכגעגאנגען... בעגלייט איהם... אבגעשטעלט זיך מיט איהם. אומעדום האט ער עס געזעהען. אפילו שפעט ביינאכט, ווען אלע זענען שוין לאנג געשלאפען, איז שלמה'לע נאך אלץ געלעגען אויף זיין געלעגער, און האט ניט געקענט איינשלאפען. פאר איהם האט זיך פאמעלעך געשאקעלט דער אלטער גרויער קאפ, באדעקט מיט'ן שבת'דיגען שטערען-טיכעל ביז די ברעמען, דאס געקנייטשטע פנים מיט די דינע איינגעפאלענע באקען מיט די איינגעשרומפענע ליפען, מיט דער שפיציגער, פאריסענער מארדע, בעוואקסען מיט א גרויליכען מאך. פאר איהם האבען זיך אלץ געטראגען די טיפע איינגעפאלענע אויגען מיט די גרויסע בלישצענדיגע טרערען אויף די אלטע וויעס...

אומזיסט האט ער געפרובט צומאכען די אויגען, שטארקער צודריקען זיי, אומזיסט האט ער געפרובט ווילען איינשלאפען—אומזיסט, ער האט ניט געקענט.

די בענטש-ליכט האבען שוין געצאנקט. טונקעלע שאטענס האבען איינגעהילט דאס צימער. שלמה'לע איז געלעגען אויף זיין געלעגער און האט געקוקט אין דעם טונקעלען רוים. קינדערשע געדאנקען האבען געמאמערט זיין קינדערשען מח. און ווען די פלאמען פון די צאנקענדיגע ליכט פלעגען איינער נאכ'ן אנדערען נידעריגער ווערען—אריינציהען זיך אין די שיסעלעך פון די לייכטער צום אויסלעשען זיך—און די פינסטערניש פלעגט זיך פון דעם טיש ווי צוויי גרויסע שווארצע פליגלען אויסשפרייטען, פלעגט

דאָס אַלט׳ע פּנים מיט די בלישצענדיגע טרערען אַרויסטרעטען אין דעם רויס—בעלויכטען פון דעם אינערליכען ליכט פון זיין קינ־דערשער פאָרשטעלונג—שאָקלען זיך לאַנגזאַם ווי אַ מאַיאַטניק און שרעקען איהם... עס פלעגט פאַרשווינדען ווען די צאַנקענדיגע ליכט פלעגען ווידער אויפפלאַקער׳ן און אויסציהען זיך ווי שמאָלע צונגען אין דער הויך, טאַנצען אַ רגע און רייצען זיך מיט דער פינסטערניש. און עס פלעגט ווידער זיך בעוויזען ווען די פלאַ־מען פלעגען איינפאַלען און פאַרשווינדען. אַזוי איז ער געלעגען, געטראַכט און געשראָקען זיך, און די קינדערשע נשמה האָט גענאָגט און געפלאַטערט ניט וויסענדיג פאַר וואָס און נאָך וואָס.

אָבער שלמה׳לע איז מיעד געוואָרען. ער האָט זיך איינגע־נורעט. די אויגעלעך האָבען זיך ביסלעכווייז צוגעמאַכט. אין קאָפּ האָבען זיך געפלאָנטערט קינדערשע בילדער און קינדערשע געדאַנ־קען... אָבגעריסענע... צעמישטע... אַ קריעג מיט אַ אינגעל אי־ערנעכטען... און די בלישצענדיגע מעשענע לייכטער. אַ ווייסער פלעק אויף דער וואַנט ווי אַ זילבערנער האַלבער דאָלאַר די גרויס... די גאַס מיט דעם עלעקטרישען לאָמפּ, ווי אַ פליאַם ווייסע ליכט, און דאָס, וואָס משה האָט געזאָגט... „אַ צינענער האַלבער דאָלאַר“. און אָט איז דער פּרוכט־סטענד*) פון דעם איטאַליענער אויפ׳ן עק גאַס—און די גרויסע גאַזאָלינענע לאָמפען איבער איהם מיט די שיינע רויט־בלויע פלאַמען. די רויטע עפּעל האָבען שלמה׳לען פאַר די אויגען אַ פינקעל געטהון. די פּאָמעראַנצען האָבען זיך אויפגע־הויבען אין אַ גרויסער פּיראַמידע און אַ גאַנצער צווייג פון געל־גרינע באַנאַנעס, וואָס איז געהאַנגען אויף אַ שטריקעל האָט זיך פאַמעלעך געוויגט אין דער לופט. און שלמה׳לען, דוכט זיך, ער

*) סטענד—א פרוכט-טישעל, א רונדוק, א געוועלב׳ל אין דרויסען.

האָט קאָנפעקטען געדרייפט... און פלוצלונג... אַלעס איז פאַר־שוואונדען... נור גרויסע פליאַמעס ליכט האָבען זיך געצויגען און געצויגען פאַר די אויגען... זיי האָבען זיך בעהעפט און צונויפגע־גאָסען און זענען געוואָרען איין גרויסע, ברייטע, ליכטיגע צאָנגע... און זי האָט זיך פאַרשפרייט און געלייגט זיך איהם אויף די אוי־גען... געדריקט זיי... געשנימען זיי... מיט אַמאָל האָט די ליכט־צאָנגע געפלאַצט... געפלאַצט און צעשאָטען זיך אין דראָבנינקען רעגען פון קליינע שטערענדלעך... מיליאָנען, מיליאַרדען שטע־רענדלעך. און גרינע, געלע, רויטע און אָראַנזשענע רינגען האָבען זיך מיט די שטערענדלעך געדרייט און געדרייט; געפלויגען און געפאַלען טיעף, טיעף אַראָב... און שלמה'לע איז געפאַלען מיט זיי... גיך, גיך ווי אַ בלייען... נידעריג... נידעריג אין אַ פינסטע־רען אָבגרונט...

און ער האָט זיך דערשראָקען און האָט אויפגעוואַכט!

ער האָט געעפענט זיינע גרויסע ברוינע אויגען און האָט אַ סעקונדע געקוקט אין דער פינסטערניש. די פלאַמען פון די צאַנקענדיגע ליכט האָבען זיך קויט־קוים אויסגעצויגען אין דינע בלויליכע שפיזען, און האָבען געל־מאַט בעלויכטען די דיקע פינ־סטערניש. פאַר שלמה'לעס אויגען איז געשטאַנען דאָס אַלטע גע־קניימשטע פנים פון דער באָבע — אַ העלס, אַ בעגייסטערט פנים, פול מיט דער פרייד פון דעם היילינגען שבת, אַזוי ווי ער פלעגט עס אימער זעהען נאָך ליכט־בענטשען, און זי האָט איהם, ווי תמיד פריילין געזאָגט—

— אַ גוט שבת... אַ גוט שבת, שלמה'לע.

ניט ווילענדיג האָבען זיך זיינע ליפּעלעך צונויפגעלייגט אין אַ שמייכעל. ער האָט זיך געלייגט אויף אַ זייט. מעהר איינגע־

קאָרטשעס, צוגעצויגען צו זיך די אײנגעבויגענע קניהעלעך. ער האָט אַרײנגעלײגט זײנע צונויפגעלײגטע הענטעלעך צווישען זײנע קניה און האָט ווידער צוגעמאַכט די אויגען... און איז שטיל און רוהיג אײנגעשלאָפען.

* * *

אַזעלטענעם שבת האָט שלמה'לע פאַרבראַכט. ער איז אויפגעשטאַנען אין דער פריה אַלעבעדיגער, אַ מונטערער. ער האָט זיך גיך געוואַשען, אויסגעפּוצט אין דעם נײעם קאָסטיום, און איז מיט דער באָבע געגאַנגען אין שוהל אַרײן. ער האָט גאָר קײן צײט ניט געהאַט צו פערטראַכטען זיך איבער דעם, וואָס האָט געכטען פּאַסירט. אַזוי גליקליך איז ער געוועזן. די באָבע איז געוועזן מלא שמחה. אַזאַ נחת האָט זי שוין לאַנג־לאַנג ניט געהאַט. שלמה'לע האָט אפילו היינט געהאַט יאָהר־צייט נאָכ'ן טאַטען... אָבער, אַנ'אײדעם איז דאָך ניט קײן אײגענע טאָכטער, און בײ דער אַלטער האָט זיך בײ דעם געדאַנק נור אַרויסגעריסען אַ טיעפער שווערער זיפץ... אַרויסגעריסען און פאַרשוואונדען... ניט מעהר. זי האָט ניט דערלאָזט, אַז איהרע געדאַנקען זאָלען זיך אָבשטעלען אויף דעם. היינט איז געוועזן שבת... טאָר מען ניט! קדיש האָט שלמה'לע געזאָגט מיט אַנ'ערנסטער קינדערשער וואַרעמקייט. איהם האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אַלע קוקען אויף איהם... אַלע זעהען איהם, זיי זעהען זײן נײעם קאָסטיום.

נאָכ'ן טיש האָט די באָבע זיך צוגעלײגט שלאָפען און שלמה'לע איז געגאַנגען שפּילען זיך מיט זײנע חברים אין דרויסען. דאָרט איז קײנער ניט געווען גלײך צו איהם. צווישען זײ איז ער תמיד געווען דער לעבעדיגער, דער ריהרעוודיגער, דער העלד.

און היינט אודאי. איין מאָל נור איז ער אַריינגעלאָפען אין שטוב אַריין מיט פאַרפלאָמטע בעקעלעך און צעשויבערטע האָר. אַ טרונק האָט ער געוואָלט, און ווען ער האָט בעמערקט, אַז די באָבע שלאָפט נאָך—האָט ער ניט אויסגעהאַלטען. שטילערהייד האָט ער צוגערוקט אַ ביינקעל צום אַלטען קאָמאָד, ער האָט געעפענט דעם שופליאד און האָט פאָרזיכטיג בעטראַכט דעם האַלבען דאָלאַר. אָבער שוין ניט ווי געכטען, מיט שרעק... זיינע גרויסע אויגען האָבען מאָדנע געפינקעלט—קענטיג, אַז ער האָט בעהאַלטען אין זיין נשמה'לע אַ גרויסען סוד.

נאָך דעם שלאָף האָט די באָבע, ווי איהר מנהג איז געווען, זיך געזעצט ביי'ם פענסטער, האָט אנגעטהאָן איהרע אַלטע שבת'דיגע ברילען, און האָט שטיל געזאָגט עפּעס פון דעם טייטש-חומש—ביז עס האָט אָנגעהויבען טונקעל צו ווערען. דאַן האָט זי אוועקגעלייגט דעם חומש און האָט געקוקט דורך די שויבען פון די פענסטער אין שמאָלען הויף אריין, צו ווייזען זיך שוין ניט קיין שטערען אויפ'ן הימעל.

עס איז ביסלעכווייז טונקעל געוואָרען. די וואָכעדיגע וואָך האָט זיך ביסלעכווייז אָנגערוקט אויף איהרע פלייצעס און האָט זי, דאַכט זיך, מעהר איינגעהויקערט. און ווידער האָבען זיך די זאָרג פון איהר לעבען אַיינגענעסען אין דעם גרויען פאַרמעט פון איהר פנים, און האָבען די קנייטשען טיעפער געמאַכט, די אויגען פינסטערער.

ווען שלמה'לע איז אַריינגעקומען אין שטוב, האָבען שוין ביי די שכנים ליכט געברענט. די באָבע איז אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב אין דער פינסטער און האָט שטילערהייד געזאָגט „גאָט פון אברהם". זי האָט איסגעטהון פון זיך די שבת'דיגע מלבושים.

שלמה'לע האָט אָנגעצונדען דאָס קליינע לעמפעל און האָט צו זיין גרויסען שטוינונג באַמערקט, צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען, אַז די באָבע קלייבט זיך שבת־צו־נאַכט צו געהן אין מאַרק אַריין. אַ פרייד האָט אָנגעפילט זיין האַרץ. ער האָט זיך גאָר ניט געריכט אויף דעם. און די פרייד זיינע האט זיך הויך געהערט אין זיין אויפגערעגטע שטימע.

— באָבע—האָט ער געפרעגט פאַרוואונדערט—דו גייהסט גאר היינט אין מאַרק אַריין?

— יאָ, מיין קינד, טאָמער וועל איך עפּעס לייזען אויף אַ פולער וואָך—האָט זי פאַרזארגט געענטפערט, און האט גאר ניט באַמערקט זיין פרייד און זיין אויפרעגונג.

אָבער זיין נשמה האָט געטאַנצט אין איהם און ער האָט גיך און ריהרעווודיג איהר געהאָלפען זיך צוגרייטען.

* * *

גיך און ריהרעוודיג איז אויך שלמה'לע צוגעגאַנגען צום פרוכט-סטענד, וואָס איז געשטאַנען אויפ'ן עק פון דער גאַס. אפילו שוין ניט אַזוי גיך ווי ער איז אַראָבגעלאָפען די טרעפ, באַלד ווי די באָבע איז אַוועקגעגאַנגען. איך ניט אַזוי האסטיג ווי ער איז דורכגעלאָפען די גאַס אין דער אויפרעגונג פון זיינע קינדערשע האָפענונגען. דאָך אָבער גיך און ריהרעוודיג, פעסט אין ענטשלאָסען איז ער צוגעגאַנגען צום סטענד. דער איטאַליע־נער אַ מיטעל-יאָהריגער מענש מיט אַן׳ערדען פנים און גרויליכע וואָנצעס, מיט ברענענדיגע שוואַרצע אויגען און אַנ׳אויער־רינגעל אין דעם לינקען אויער, האָט ענערגיש געווישט און געפוצט מיט אַ שמאַטקעלע אַ רויטען עפּעל. דער עפּעל האָט אין זיינע הענט

געשיינט און געבלישצעט. צוויי גרויסע גאַזאָלינענע לאָמפּען מיט געל־בלויע פלאַמען האָבען העל בעלויכטען די שיינע איינגעלייגטע פּרוכטען און די פאַרשיעדענע סאָרטען צוקערקעס. דער גרויסער עלעקטרישער לאָמפ אויפ'ן עק גאס האָט צוגעמישט זיין ווייסע שיין צו דער בעלייכטונג, און אַ דין־מאָנאָטאָנגע פייפען פון אַ דינעם שטראָהם פאַרע האָט זיך כסדר געהערט אין דער לופט. דאָס איז געווען דאָס פייפען פון דעם שטראָהם פאַרע, וואָס איז אַנטלאָפען פון דעם רעהר'ל פון דער מאַשינקע, אויף וועלכער דער איטאַליע־נער האָט געפראַזשעט זיינע נים. אַ גערוך פון צוגעברענט־געפרא־זשעטע נים האָט זיך געפילט אין דער געגענד.

די גאַס איז געווען פול מיט מענשען. איינינגע, נאָך אין די שבת'דיגע מלבושים, האָבען שבת'דיג שפּאַצירט הין און צוריק— אין פאַרק, אין מאַרק, אין די גאַסען. אַנדערע, שוין אין דעם וואָ־כעדיגען יאָך, האָבען וואָכעדיג געהאַנדעלט און געוואַנדעלט.

שלמה'לע איז צוגעגאַנגען צום כמענד עפּעס קויפען. ער האָט אויסגעקליבען אַ באַר, אַ פלאָם, אַ באַנאַנאַ, און האָט דער־לאַנגט דעם איטאַליענער אַ זילבערנעם האַלבען דאָלאַר. דער אי־טאַליענער האָט פאַרוואונדערט אַ קוק געטהון אויף דעם קינד. ער האָט אָוועקגעלייגט דעם עפּעל, וואָס ער האָט געוויישט, האָט אויס־געערעכענט וויפיעל עס קומט איהם, און האָט אויף זיין אָפענער האַנט אָנגעהויבען אויסציילען דאָס אויסגאָב. שלמה'לע האָט גע־קוקט אויף דעם איטאַליענער און האָט געציטערט פאַר פרייד און פאַר מורא. עפּעס האָט זיך געשראָקען זיין קינדערש הערצ'ל און עס האָט זיך געפרייט...

דער איטאַליענער האָט געציילט און געצייט דאס קליין־געלט. שלמה'לע האָט זיבערער און זיבערער געפיהלט... און... איהם האט

זיך פאַרגלוסט נאך עפעס צו קויפען... אַ צוקערקע... יענע, וואס ער האָט אַזוי ליעב געהאַט.

— ער טעג קויפען—האָט ער געטראַכט. — ער גיט איהם אויסגאָב...

— איך נעהם נאך אַ צוקערקע—האָט ער העכער ווי ער האט געוויינליך גערעט, אַ זאָג געטהון, און האט זיך אליין גע־וואונדערט איבער זיין קול. ער האט נערוועז אייפגעהויבען דאס גלעזערנע דעקעל פון דעם שאַפּקעלע און האט גענומען די צוקער־קע. דאָס דעקעל האָט זיך אויסגעגליטש פון זיין האַנט און האָט זיך צוגעמאַכט מיט אַ קלאַנג.

דער איטאַליענער האט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האָט בייז געקוקט אויף שלמה'לען.

— סיי—האָט ער מיט כעס געשריגען. — דו וועסט מיר נאך צוברעכען די גלאָז, וועל איך דיר צוברעכען דעם קאָפּ— דו ממזר...

שלמה'לע איז פאַרציטערט געוואָרען. דער איטאַליענער האט איהם בייז אָנגעקוקט. עפּעס איז איהם ניט געפעלען געוואָרען, עפעס קשה געווא־ען. און ער האט זיך ווייטער גענומען צום אויסגאָב. ער האט לאַנגזאַם בעטראַכט דעם האַלבען דאָלאַר. ער איז איהם ניט געפעלען געוואָרען. האט ער איהם אַ־יינגעלייגט צווישען די ציין און האָט איהם אַ שטאַרקען ביס געטהון. זיינע צייהן האָבען איבערגעלאזט אויף דעם האַלבען דאלאר צוויי שאַרפע קאַרבען... דער איטאַליענער איז ווילד געווארען.

שלמה'לע האט עס געזעהען מיט שרעק און איז צוטומעלט געווארען.

— היי... דו... האט דער איטאַליענער געשריגען מיט

פּעס—נאָ גודע מאָני ... נאָ גודע *) ...

שלמה׳לע האָט ניט געהערט. ניט ווילענדיג האָט ער זיך אַ גיבען דרעה געטהון—ווי צום אַנטלויפען. דער איטאַליענער האָט עס באַמערקט און מיט איין שפּרונג איז ער געווען נעבען איהם. זיינע אייזערנע פינגער האָבען מיט אַ ווילדער רציחה אָנגעכאַפּט שלמה׳לעס אויער.

— אָהה... האט שלמה׳לע פון שרעקליכען וועהטאג געשריי־גען, און האָט זיך מיט זיינע הענטלעך געפּרובט צו וועהרען. די פרוכטען און די צוקערקעס זענען צופאַלען איבער דער ערד, דער איטאַליענער איז נאָך ווילדער געוואָרען. ער האָט געצויגען און געריסען שלומה׳לעס אויער אין אַ ווילדער רציחה אָהן רחמנות, און האָט געשריגען און געזידעלט.

— שיני... שיני... יאָ וואָנטע משיטע מי... שיני... שיני... **)

שלמה׳לע האָט געקווימשעט און געשריגען אויף׳ן קול, געוועהרט זיך און געריסען זיך פון דעם רוצח... און האָט אויס־געצויגען זיין קערפּער׳ל אין דער הויך! נאָכגעבענדיג זיך דער קראַפט וואָס האָט געריסען זיין אויער.

אַנ׳עולם האָט זיך אַרומגעקליבען, און דער איטאַליענער האָט שלומה׳לען אָבגעלאָזען. ער האָט אַ שליידער געטהון דעם פאַלשען האַלבען דאָלאַר איבער די שטיינער פון דעם טראָטואַר און האָט זיך גענומען צוזויפקלייבען זיין סחורה. דער האַלבער דאָ־לאַר האָט זיך געקייקעלט איבער די שטיינער מיט אַ טעמפּען קלאַנג און איז ערגעץ פאַרפלויגען און פאַרשוואונדען געוואָרען...

שלמה׳לע האָט געוויינט אויפ׳ן קול און מיט אַ פאַרביסענער

---

*) שלעכטע געלט... ניט גוטעס. **) דו ווילסט מיך נארען—איד... איד.

קינדערשער נקמה אין זיין בעליידיגט־נשמה׳לע האָט ער זיך געְרייצט מיט׳ן איטאַליענער פון דער ווייטען.

— דייגא... דייגא*)... האָט ער איהם גערופען און האָט מיט פאַרוויינטע אויגען געזוכט אויף דער ערד זיין פאַרלוירענעם פאַלשען האַלבען דאָלאַר.

און די פאַרבייגעהער, די שבת׳דיגע שפּאַציר־געהער ווי די וואָכעדיגע הענדלער האָבען געלאַכט און געשפּאַסט איבער דעם וואָס האָט פּאַסירט. עס איז זיי געווען צו מוטה... זיי האָבען קיי־נער ניט פאַרשטאַנען די קינדערשע נשמה. דערפאַר אָבער דאָרט ווייט אַוועק, אויף יענעם עק גאַס, האָט זיך היינט צום ערשטען מאָל געהערט אין דעם פרישען וואָכעדיגען געטומעל, דער באָבעם שטימע אויף אַפּולער וואָך און זי האָט טרויעריג געצויגען איהר ליעדעל—ווייך און פּאַמעלעך—

— ליכט און מע—עטשעם... מע—עטשעם—און ליכט... צוויי—פאַר—אַ—פעני קויפט, ווייבער, צווי—פאַר—אַ פעני!...

---

*) א צונאמען פאר איטאליענער, ווי דאס ווארט שיני—פאר אידען.

III

# מָאטְיֶע גוי

עָס איז שוין שפּעט געווען. שטיל און רוהיג איז די מאַרק־גאַס געשלאָפען איינגעהילט אין דער נאַכט. נור אין הימעל האָבען קלאָהרע־ווייסע וואָלקענס געשוועבט איבער דער פולער זילבערנער לבנה. און זי האָט זיך געטוקט און געבאָדען אין זיי. ווי א שטיפּעריש־קינד האָט זי זיך געשפּילט אין בעהעלטערלעך. אָט האָט זי זיך בעהאַלטען אונטער די ווייסע וואָלקענס, און אָט האָט זי ווידער געוויזען איהר גרויס־ליכטיג פּנים און האָט שטיפעריש געשמייכעלט. די שטערען האָבען ווי בריליאַנטען געשיינט און געפינקעלט.

איין מאָטיע גוי איז נאָך ניט געשלאָפען. אַ פּאָר שעה האָט ער זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער אַנדערער אויף זיין געלעגער, און האָט ניט געקענט איינשלאָפען. אַ געדאַנק האָט איהם געמאַטערט. אין שטוב איז געווען היים און שווער די לופט. ער איז אויפגעשטאַנען פון זיין געלעגער און איז צוגעגאַנגען צום אָפענעם פענסטער פון דעם גאַס־צימער. ער האָט געוואָהנט אויף דעם פינפטען שטאָק פון אַ גרויס הויז אין דער מאַרק־גאַס. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט ביים פענסטער. די קיהלע פרישע לופט האָט זיך געשפּילט מיט זיין בעוואַקסענער ברוסט און האָט איהם דער־פרישט. דאָס שטילע שיינע נאַכט־בילד האָט איהם פערגעניגען געמאַכט. ער האָט זיך אָנגעשפּארט אָן פענסטער און האָט געקוקט אין ווייטען דרויסען.

— וואו האָב איך איהם פאָרט אַהינגעטהון? — האָט ער זיך געפרעגט. ער האָט שוין איבערגעקערט אַלע קעשענעס. אויס־געזוכט אַלע ווינקעלעך... און האָט ניט געפונען.

— און וואו איז ער טאַקי? דער הויטשינדער וועט דאָך ניט גלויבען, אפילו ווען ער ווייסט אויף זיכער אַז ער האָט מיר איהם געגעבען פרייטאָג — האָט מאָטיע געטראַכט. — און איך האָב איהם אומישנע געלייגט אין זשילעט־קעשענע איך זאָל איהם גרינג קענען געפינען און ווייזען איהם. דעם מערדער.

— און אָט איז דער זשילעט... ניטאָ... און ער האָט זיך פאַרקוקט אויף דעם מאַרק, אויף דעם סקוואַר פּאַרק. עס שוועבט די שטילקייט איבער זיי... אַ טיפע שטילע רוהע. אָבער וויא קאָכט דאָרטען, וויא מאָהלט דאָרט דאָס לעבען וויא אַ מיהל זאָרג און ליידען. דאָ — אין מאַרק; דאָרט — אין פּאַרק. און ער האָט זיך דערמאָנט אין זיין לעצטער רעדע, פרייטאָג פאַרנאַכט, און וויא דעמאָלט האָט זיך געמאָלען פאַר זיין אויג דער גרויסער אידעאַל פון זיין נשמה. די גאָלדענע צוקונפט פאַר אַ גליקליכער מענשהייט. זי האָט איהם וויא דעמאָלט בעגייסטערט, און ער האָט געקוקט אויף דעם שיינעם הימעל און די פינקלענדיגע שטערען.

— און אפשר אין דעם טומעל פון דעם קאָכענדיגען לעבען פון דעם מאַרק, און אין דער בעגייסטערונג פון זיין נשמה פאַר דעם גרויסען אידעאַל האָט ער איהם טאַקי פרייטאָג פאַרנאַכט אוועקגעגעבען אַן'אָרעמאַן, קויפענדיג עפּעס, און האָט נאָך אויסגאָב גענומען? —

ער האָט אַ שוידער געטהון — אַ צוק געטהון מיט די אַקסעל און האָט ניט געוואָלט טראַכטען דערפון.

— דאָס לעבען איז צו גרוים; דער אידעאַל איז צו שיין.

און דער הימעל האָט געוואונקען צו איהם. די שטערען האָבען געפינקעלט. דער גערויש פון דעם פּאַרק און פון דעם מאַרק האָבען זיך איהם פאָרגעשטעלט — דאָס לעבען האָט געקאָכט, און ער האָט טרוימעריש גע'חלומ'ט פון דער ליכטיגער צוקונפט.

# דָאס אֵייבִּיגֶע ווִידֶער־קוֹל

פרוי עטעל שטערן איז געזעסען אין אַ גרויסען, ווייכען וויעג־שטוהל ביים פענסטער פון דעם עס־צימער.

עס איז געוועזען אַ שיינער ווינטערדיגער פאַרנאַכט.

זי איז אַביסעל מיעד געוועזען. דעם גאַנצען נאָך־מיטאָג האָט זי געאַרבייט. זי האָט צוגעקליבען נאָך איהר גוטען געשמאַק איהר שיינע היים.

די פאַמיליע האָט דעם אָבענד געסט ערוואַרטעט.

עטעל שטערן איז שוין ניט יונג געוועזען. זי איז געוועזען אַ פרוי אין די מיטעלע יאָהרען. אַ קלוגע, אַ גוטע, אַן ערענסטע פרוי. און איהר פנים האָט נאָך בעהאַלטען די סימעטרישע שטרי־כען פון איהר יוגענטליבער שיינקייט.

אַ מאָל אין דער יוגענד האָט זי פיעל געליטען. איצט האָט זי, דוכטזיך, גליקליך געלעבט. און זי האָט ליעב־געהאַט די אָבענדען ווען געסט זיינען זיך צונויפגעקומען. אָט קומען זיי — די יונגע, די לעבעדיגע, די לוסטיגע. זיי לעזען, ריידען, דיסקו־

טירען, טרינקען טייה, בייסען־צו, פארברייינגען. זי האָט ליעב־געהאַט אַזוינע אָבענדען.

און זי איז געזעסען ביים פענסטער אין וויעג־שטוהל מיעד, וואַרטענדיג אויף איהרע געסט. זי האָט שוין ניט געלעזען פון דעם אָפענעם בוך וואָס איז געלעגען אויף איהרע קניען.

אין צימער איז שוין טונקעל געווען.

די קאַלטע ווינטערדיגע שטראַהלען פון דער פאַרגעהענדיגער זון האָבען נאָך וויא בלאַסע צינגער אָנגעריהרט די אויבער־שטע שויבען פון דעם פענסטער, אָבער זיי האָבען שוין ניט געלויכטען. דאָס בין־השמשות־ליכט האָט זיך נור צושמאָלצען אין דער ליבער וואַרעמקייט פון דעם צימער, און האָט זיך וויא אַ צויבער פון ליכט און שאָטען געפלאָכטען און אויסגעשפרייט אויף די ווענט.

עטעל שטערן האָט אָנגעשפאַרט איהר קאָפּ אויף דער האַנט וואָס האָט מיט דעם עלבויגען גערוהט אויף דעם ראַנד פון דעם וויעג־שטוהל און האָט צוגעמאַכט איהרע שיינע ברוינע אויגען.

זי האָט זיך שטיל און סימעטריש געוויגט אין דעם שטוהל.

עטליכע סעקונדען האָט זי זיך פאַמעלעך געוויגט, רוהיג... רוהיגער, שטיל... שטילער. ביז דער שטוהל איז אינגאַנצען רוהיג געבליבען.

אין צימער איז פינסטערער געוואָרען און עטעל שטערן איז, דוכטזיך, איינגעשלאָפען.

און איהר האָט זיך אויסגעוויזען אַז די לופט אין דעם צימער האָט זיך בוואַלעגאַרטיג צעשאָקעלט. אַ סעקונדע האָט זיך די לופט געוויגט. עפּעס האָט אַ רויש געטהון, און אימעצער האָט זיך אין צימער אַריינגעריסען.

און זי האָט דערזעהען פאַרזיך אַ יונגען מאַן. די ברייטע שטריכען פון זיין עהרליך-פּנים האָט זי אַמאָל גוט געקאָנט.

— גאָט! — האָבען, דוכטזיך, איהרע ליפּען געוויספּערט. זי האָט איהם דערקענט.

— סאַמועל!

— עטעל!—און זיי זיינען זיך ביידע אין די אָרעמס אַריינגעפאַלען און האָבען זיך הערצליך צוקושט.

אָבער באַלד האָט זי זיך אַ ראַנגעל געטהון אין זיינע אָרעמס און האָט זיך בעפרייט פון איהם. עס האָט זי געשווידערט, און זי האָט אַראָבגעבויגען דעם שיינעם קאַשטאַנענעם קאָפּ, און האָט איינגעגראָבען די ברוינע אויגען אין דער וועלוועטענער פיגור פון דעם קאַוויאָר אויף דעם באָדען.

— עטעל — האָט ער מיט אַ טיפער אָבער צאַרטער שטימע גערעט צו איהר — געדענקסטו מיך נאָך? מיר איז ניט באַשערט געווען צו געניסען די ליבע פון דיין זעלע. לעבען גליקליך מיט דיר. דו ווייסט, איך האָב אַנדערשׁניט געקענט. ניט פון מיר איז עס אָבגעהאַנגען... אָבער, דו עטעל, דו — אַך, וויא גיך דו האָסט מיך פאַרגעסען. און עס האָט זיך געהערט אַ שרעקליכע בעשולדיגונג אין די ווערטער

זי האָט געציטערט. אָבער עס האָט זיך אויסגעוויזען אַז עטעל האָט די בעשולדיגונג ניט איבערגעטראָגען. זי האָט זיך נערוועז בעוואויגען אין דעם וויעגן-שטוהל.

— ניין, ניט צו גיך, סאַמועל. יאָהרען-לאַנג האָב איך דיין ליבע וויא דאָס הייליגסטע פון מיין לעבען אין מיין נשמה געטראָגען. אָבער דאָס האַרץ בענוגענט זיך ניט מיט דער פאָרשטעלונג; עס לעבצט צו פאַרפילען דאָס ליידיגע אין דער זעלע.

— און דו האָסט זיך אַנ'אַנדערען אָבגעגעבען.

— אָבגעגעבען? דו משפּט'סט צו שטרענג.

— אָבער דו האָסט איהם ניט געליבט האָסט איהם ניט געקענט ליבען.

עטעלס קערפּער האָט אינגאַנצען געציטערט. איהר קאָפּ איז ניך אַרונטערגעפאַלען פון איהר האַנט, און די פרייע האַנט האָט צוגעדריקט דאָס קלאַפּענדיגע האַרץ.

— סאַמועל, איך האָב איהם אָבער טיעף פון דער נשמה געעהרט און געאַכטעט.

— און דו האָסט יאָהרען געפּלאָגט זיך, יאָהרען געליטען און ניט געליבט.

— איך האָב דעמאָלט אַנ'אָפּפער געבראַכט... אַנ'אָפּ-פער... פאַר...

— דעמאָלט?... און איצט?

— איצט בין איך גליקליך, סאַמועל. איך ליעב איהם... און ער האָט מיך תמיד געליעבט.

— גליקליך?... האָסטו מיך דען פארגעסען?

— כמעט.

— און דאָך האָסטו מיר אייביגע ליבע געשוואָרען.

— די אייביגקייט געהערט די געטער.

— אפשר. אָבער די אמת'ע ליבע — זי געהערט צו דער יוגענד.

— ניט תמיד... ניין.

— און דו ליעבסט איהם וויא דו האָסט מיך געליעבט?

— מיט מיין גאַנצער זעלע. ביסלעכווייז האָט זיין טייערע פיגור פאַרנומען מיין גאַנצע נשמה.

— און דו ליבסט איהם?

— און איך ליב איהם און געהער איהם.

— אייער ליבע טראָגט אַ קברים קראַנץ. זי שמעקט מיט דער קאַלטקייט פון דער עלטער.

— ניין, סאַמועל, זי פינקעלט מיט דער העלער שיין פון אַ געפרואווטען דימענט...

— אַה! ווען איך וואָלט געקענט וואָלט איך איהרע וואָרצלען צעשטערט.

— דו וואָלסט ניט געוואַגט; איך וואָלט ניט דערלאָזט.

— טייערע, טייערע — האָט ער שטיל און ליבליך געשעפּצעט אויף איהר אויער — דו וואָלסט מיך ניט פאַרשטויסען. יענע זיסע מינוטען פון אונזער לעבען וואָלטען זיך געמיהט פאַר מיר; זייער זכות וואָלט מיר בייגעשטאַנען. יענע גליקליכע מאָמענטען ווען מיר ביידע זיינען ריין געווען וויא די שניי-שטערענדלעך איידער זיי פאַלען אַראָב אויף דער ערד.

— ניין, ניין... האָט זיך עטעל געוועהרט אין איהר שלאָף. — ניין, יענע גרויסע גליקליכע מינוטען ווען איך האָב זיך איהם איינגאַנצען אָבגעגעבען, ווען איך האָב איהם אַוועקגעגעבען מיין גוף און מיין נשמה... יענע הייליגע מאָמענטען ווען מיר האָבען זיך ביידע וויא איין לעבענס-פלוס צונויפגעגאָסען, יענע הייליגע מאָמענטען וואָלטען זיך געמיהט פאַר איהם, זייער זכות וואָלט איהם בייגעשטאַנען... אין זייער זכות געהער איך איהם... איהם אַליין.

— עטעל! — און איהר האָט זיך פלוצלונג אויסגעוויזען אַז

סאַמועל האָט זיך אַוואָרפגעטהון צו איהר... דריקט זי צו זיך...
צו זיין הייסען גליהענדען קערפּער... און זי האָט געפילט...

— אָה, גאָט! — האָט זי אויסגעשריגען ניט מיט איהר קול
און האָט זיך אויפגעכאַפּט. איהר מאַן איז אַריינגעלאָפען אין צי־
מער אַרערשראָקענער.

— עטעל, מאַמאָטשקע, וואָס איז מיט דיר געשעהען?—האָט
ער זי מיט ליבע געדריקט צו זיך און האָט זי געצערטעלט.

זי האָט דערקענט זיין קול. ציטערענדיג האָט זי איהם
אַרומגענומען. זי האָט זיך מיט איהר גאַנצען קערפּער צוגעדריקט
צו איהם און האָט געציטערט.

— מיר האָט זיך אַ שרעקליכער חלום גע׳חלומ׳ט! מייערע,
אַ שרעקליכער חלום! און עס איז איהר ביסלעכווייז אַלעס קלאָהר
געוואָרען: ערשט נעכטען האָט זי איבערגעלייענט אַלטע בריעף און
כתבים און האָט געפונען צווישען זיי דאָס בילד פון דער מצבה
וואָס שטייט אויף סאַמועלס קבר שוין פיעלע פיעלע יאָהרען.

# דֶער פֶּערֶעל פוּן דֶער גֶעטָאה.

## I.

— ער האָט אַ טאַלאַנט, מײן הער, אַ גרויסען טאַלאַנט— האָט דוד רחלעס געזאָגט. ער האָט זיך מיט די ווערטער געווענ־ דעט צו דעם בעריהמטען פילאַנטראָפּ הער ערנעסט צווייהאַרץ.

הער צווייהאַרץ איז געזעסען ביי זיך אין דער ביבליאָטעק און האָט פּאַמעלעך געבלעטערט אַ בוך.

— איך וויים, איך וויים—האָט הער צווייהאַרץ איבער־ גע׳חזר׳ט און האָט אַוועקגעלייגט זיינע גילדערנע ברילען אויף דעם אָפענעם ספר. ער האָט זיך בעקוועמער אַריינגעזעצט אין דעם גרויסען אַרם־שטוהל און האָט אומגעדרייט דעם גרויען קאָפּ מיט דעם פולען פּנים, מיט דער שיינער גרויער באָרד און שאַרפע קלו־ גע אויגען צו דער דאַרער הויכער פיגור, וואָס איז געשטאַנען ביי דער טיהר.

— אָבער... וואָס קאָן איך דען טהון פאַר איהם? האָט ער מיט אַ פריינדליכען שמייכעל געפרעגט. און האָט מיט אויסגעטרע־ שצעטע אויגען און אַ געקנייטשטען שטערן בעטראַכט דעם מאַן

און דאָס קליינע אינגעל וואָס איז געשטאַנען לעבען איהם.

דוד רחלעס האָט ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען. ער האָט זיך ניך אַ נייג געטהון.

— איהר האָט אַזאַ גוט האַרץ... אַזאַ גוט האַרץ. — האָט ער געשטאַמעלט בעטענדיג. מענשען זאָגען, אַז איהר העלפט אַזוי פיעל אָרימע לייט — האָט ער מיט רחמנות געזאָגט, און האָט געקוקט אויף צווייהאַרצען. אַן'אויסדרוק פון האָפענונג האָט געשיינט אין זיינע בעטענדיגע אויגען. דער אויסדרוק האָט זיך צעשפרייט איבער דעם מאָגערען, וואַקסענעם פּנים, באַדעקט מיט אַ גרויסער, געל-גרויער קאָלטענעוואַטער באָרד. ער איז געווען אַ הויכער אַ דאַרער איד מיט איינגעהויקערטע אַקסלען, אַנ'איינגעפאַלענע ברוסט און קליינע לעבעריגע אויגען אונטער גרויסע געלע ברעמען. אַצינד איז ער געשטאַנען צונויפגעקאָרטשעט פאַר דעם גרויסען העלד, אַזוי ווי ער וועמען ער האָט אַרויפגעלייגט אַלע זיינע האָפענונגען פאַר דער צוקונפט פון זיין קינד. און אין זיין קינד האָט ער שטאַרק געגלויבט.

אַ מינוט איז געווען שטיל אין צימער. דוד רחלעס איז געשטאַנען ביי דער טיהר; זיינע לאַנגע הענט האָבען נערוויש געקנייטשט די ווייכע הוט, וואָס ער האָט געהאַלטען אין זיי. ער האָט געוואַרט ביז דאָס גרויסע האַרץ פון דעם פילאַנטראָפּ וועט זיך דערוואַרעמען און וועט קומען צו הילף זיין טאַלאַנטפאָלען אינגעל. נעבען איהם איז געשטאַנען דאָס קינד דערשראָקען, אי-בעראַשט פון דער פראַכטפאָלער עלעקטרישער בעלייכטונג, וואָס האָט אָנגעפילט די גרויסאַרטיגע ביבליאָטעק. מיט שרעק האָט ער זיך אַרומגעקוקט און מיט אַ קינדערשער מורא פאַרקוקט זיך אויף די גרויסע סטאַטועס, אויף די בילדער און שאַפעס מיט ביכער

וואָס האָבען בעפוצט דאָס גרויסע עלעגאַנטע צימער.

— יאַ, יאַ... געווים—האָט הער צווייהאַרץ איבערגעריסען די שטילקייט.

— אַבער... ער האָט פשוט ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען. ער האָט עפּעס ניט פאַרשטאַנען ווי אַזוי קען ער העלפען דעם טאַלאַנטפאָלען קינד.

אַבער... ווי אַלט איז דאָס קינד?—האָט ער פלוצלונג אַ פרעג געטהון, צופריערען וואָס ער האָט געפונען אַן'אויסגאַנג פון דער שווערער לאַגע.

— אַז מיר וועלען לעבען און געזונד זיין וועט ער קומענדיגע וואָך ווערען בר-מצוה—האָט דוד רחלעס שטיל געענטפערט.

— אַה... בר-מצוה—האָט הער צווייהאַרץ איבערגעחזר'ט די ווערטער מיט אַ פול מויל. אַ צופרידענער שמייכעל האָט געשיינט אויף זיין פנים.

— יאַ, יאַ... דאָס איזט עכט העברעאיש... האָט ער געזאָגט, און איהם האָט שטאַרק הנאה געטהון, וואָס ער געדענקט נאָך עפּעס פון דעם אַלטען אידישקייט—קאָנפירמאַציאָן, הייסט דאָס אין אַמעריקאַ, האָט ער דוד רחלעס נעלערענט. אַבער... דאַן דאַרף ער נאָך אין דער שולע געהן — האָט הער צווייהאַרץ צוגעזעצט.

— ער קען ניט לערנען, מיין הער—האָט דוד רחלעס ווי אַ שולדיגער זיך פערענטפערט.

— וואַס? קאָן ניכט לערנען?.. זאָ... זא... איין פערשטאָפּטע קאָפּף... האָט הער צווייהאַרץ גוטמוטיג געשפּאַסט. — דאַן מוסען זי איהם איין אַנשטענדיגע פּראָפעסיאָן לערנען; איינע

אַרבייט. אייערע לויטע זינד יאַ גוטע שניידער—ניכט וואָהר—
גון, מאַכען זי איהם פאַר איין שניידער.

דוד רחלעס האָט אַ ציטער געטהון פון קאָפּ ביז די פּיס.

— אַ שניידער!—האָט ער ווי אַ צעמישטער געשטאַמעלט.—

— אָבער, מיין הער, ער האָט אַ טאַלאַנט. אַ גרויסען טאַ-
לאַנט—האָט ער ציטערענדיג געזאָגט.

יאַ, יאַ... דאָס ווייס איך שאָהן... איך ווייס דאָס ער טאַ-
לענט האָט; האָט צווייהאַרין שוין אַביסעל אונגערולדיג בעמערקט.
עס האָט איהם אַפּנים אָנגעהויבען צו דערעסען די גאַנצע מעשה.
ער איז אייפּגעשטאַנען און איז צוגעגאַנגען צו דוד רחלעס.

— מיין גוטער מאַן—האָט ער מיט געמאַכטער פריינדשאַפט
געזאָגט, און האָט געקוקט דעם אַלטען גלייך אין פּנים אַריין—יע-
דער מענטש אין דער וועלט האָט טאַלענט, אָבער יעדער מענש
אין דער וועלט מוז זיינע טאַלענטע בענוטצען אום איין לעבען צו
מאַכען—האָט ער גערעט מיט אַ שטאָלצען טאָן אין וועלכען עס
האָט געקלונגען די ערפאַהרענהייט פון אַ דורכגעטריבענעם גע-
שעפטס-מאַן. — פערשטאַנדען?.. האָט ער געפרעגט אין אַ סעקונ-
דע אַרום, קנייטשענדיג דעם שטערן און בעטאָנענדיג זיינע
ווערטער מיט דער בעוועגונג פון זיין איסגעצויגענעם טייט-פינגער.

— פערשטאַנדען?..

דוד רחלעס האָט, דאַכט זיך, ניט אָנגעהויבען פאַרשטיין.
פונדעסטוועגען האָט זיך זיין לאַנגע פיגור אַ פּאָר מאָל פאַרבויגען
און פאַרנייגט פאָראויס... זיין קאָפּ האָט צוגעשאָקעלט פונקט ווי
ער וואָלט מסכים געווען צו דעם וואָס צווייהאַרין זאָגט.

— דאָ, אין אַמעריקאַ, דאַרף יעדער מאַן אַרבייטען, שאַ-
פען—צו מאַכען איין לעבען.—האָט שוין הער צווייהאַרין גע-

פּרעדיגט. — טאַלענט אָדער ניכט טאַלענט—דאַ, דאַרף מאַן ניכט לעהר געהען, אָדער לעבען אויף יעמאַנד'ס רעכענונג, אָדער גאַר צו לאַסט פאַלען אויף די טשאַריטעס ... עה... אויף די... צדקה־אַנשטאַלטען פאָן אונזער שטאַט ... האַט איהר פערשטאַנדען ?.. דוד רהעלעס האָט זיך ווידער געשאָקעלט גיך מיט דעם גאַנצען קערפּער, און האָט צוגעשאָקעלט מיט דעם קאָפּ... אָבער אין דעם טונקעלען ווינקעל—דאָרט וואו ער איז געשטאַנען, לעבען דער שוועל, אונטער די גרויסע שווערע פאָרטיערען, האָט דוד רחעלעס איסגעזעהען אין פערגלייך מיט דער קיילעכדיגער פיגור פון הער צווייהאַרץ ווי אַ שאָקעלדיגער שאָטען.

— איהר אַרבייט איין לעבען צו מאַכען, איך אַרבייט, זא מוז ער אויך אַרבייטען—האָט הער צווייהאַרץ, ווייזענדיג מיט דעם פינגער אויף יעדען, געטייט און ערקלערט. דוד רחעלעס האָט צו אַלעמען צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און זיין הסכמה געגעבען.

— יאָ, מיין הער. איך אַרבייט, אַרבייט שווער. ביי טאָג און ביי נאַכט אַרבייט איך צו מאַכען אַ לעבען, — האָט ער שטיל מיט דעם גאַנצען קוראַזש פון זיין נשמה אַרויסגערעט. — איך וויל חלילה ניט קיין נדבה פון אייך—האָט ער ערקלערט. — אָבער איך בין אַן אָרימאַן. איך האָב ניט קיין מיטלען צו לערנען איהם זיין טאַלאַנט. אַלע זאָגען, אַז ער האָט אַ גרויסען טאַלאַנט און זיי זאָגען מיר, אַז איהר האָט אַ גרויס גוט האַרץ ... אַז איהר וועט איהם העלפען. בין איך געקימען צו אייך. וואָס וואָלט אַ פאָטער ניט געטהון פאַר זיין קינד? איך בעט אייך, מיין הער, איך בעט אייך, העלפט אונז צו לערנען זיין טאַלאַנט—האָט דער אַלטער שטיל, רחמנות'דיג געבעטען.

הער צווייהאַרץ איז געוועןגערירט. ער האָט מיט מיטלייד

בעטראַכט דעם אַלטען, און עס איז ווידער איינגעטרעטען אַ מינוט פֿון שווערער שטילקייט. צווייהאַרצען האָט זיך באמת פֿאַרוואָלט העלפען דעם אַלטען. אָבער ווי אַזוי? אַ פּאָר מינוט האָבען זיינע געדאַנקען ניט גערוהט, און פאַרטראַכט איז ער געגאַנגען איבער דעם צימער צום גרויסען טיש.

— איך וואָלט דאָך ווירקליך געדאַרפט זיין אימשטאַנד צו טהון עטוואָס פיר דעם אָרימען מאַן—פיר זיין קינד. — האָט ער געטראַכט. איך בין יאָ דער הויפּט־שטיצער פון בילדונג, פיר עמי־גראַנטען—און מיר וואָלען דאָך די אונגליקליכע „גרינע" בילדען, אויפקלערען—אַמעריקאַניזירען. יאָ, אַך, איך זאָלטע דאָך אים־שטאַנדע זיין עטוואָס צו טהון פיר דען קינד—האָט ער כמעט אין דער הויך צו זיך אַליין געזאָגט.

און אַ געדאַנק איז דורכגעפלויגען דורך זיין קאָפּ.

— אַה! —האָט ער פּאַר זיך איבעראַשט אויסגעשריגען און האָט זעהר ברייט געעפענט די אויגען—גרויסאַרטיג... און האָט זיך אָבגעשטעלט אויף אַ מינוט.

— יאַ, יאַ... האָט ער בעשלאָסען ביי זיך און האָט זיך אומגעדרייט צו דור רהעלעס. ער האָט זיך בעקוועם אָנגעשפּאַרט אָן טיש און האָט ליבליך, פריינדליך געזאָגט.

— אויב איהר קיין געלט האָט צו ענטוויקלען זיין טאַלענט, לאָסען זי אונז זען איהן איינע רעספעקטאַבעלע פּראָפעססיאָן לער־נען, דורך וועלכער ער זיך דאָס נעהמיגע געלט פערדינגען קאַן. האָב איך רעכט? ניכט וואהר? —דור רחעלעס האָט אַלץ ווי פרי־הער זיך אַ נייג געטהון און צוגעשאָקעלט מיט דעם קאָפּ.

— נון, גוט וויר ווערדען איהנען העלפען. זי זינד הילפּ־עס וווירדיג—האָט צווייהאַרץ שוין זיכער געזאָגט. ער איז געוועזען זע־

הער צופרידען מיט דעם גליקליכען געדאַנק וואָס איז איהם אַזוי פלוצלונג געקומען אויף דעם רעיון.

— יאַ... וויר מוסען איהנען העלפען... וויר זינד יאַ דאַנ־ קבּאַר! גיבען זי מיר, ביטע, איהרען נאָמען און איהרע אַד־ רעסע—האָט ער זיך געווענדעט צו דוד רחעלעס און האָט פון דעם טיש גענומען אַ בלייפעדער און אַ נאָטיץ־בוך צום שרייבען.

— וויר ווערדען נאך איהרען זאָהן שיקען ווען וויר איינען קלאַס אָרגאַניזירט האַבען—האָט ער געזאָגט און האָט פערשריבען דוד רחעלעס נאָמען און זיין אַדרעס—פערשטאַנדען? האָט ער מיט אַ זים-צופרידען שמייכעל געפרעגט. דוד רחעלעס האָט נער־ ווערז צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ...

האָט ער פערשטאַנען? ער האָט געזעהען, אַז דער גרויסער פילאַנטראָפּ האָט פאַרשריבען זיין נאָמען און זיין אדרעס, און נאָך וואָס האָט ער זיי דען געדאַרפט אויב ניט צו העלפען זיין קינד. ער האָט געהערט, אַז ער וועט איהם אַריינגעבען אין אַ קלאַס, און אין וואָסער אַנ׳אַנדער קלאַס קען ער איהם דען אַריינגעבען, אויב ניט אין אַ קלאַס פון גרויסע טאַלאַנטען? פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט איהם פאַרשטאַנען... און די גרויסע פרייד פון זיין נשמה האָט גאָר קיין סוף ניט געהאַט. זיינע אויגען האָבען געשטראַהלט און גלאָנצטען מיט דער פרייד. זיין דאַרע ברוסט האָט זיך עפּעס אַזוי גרינג צעשפּרייט פון דעם גליק, מיט וועלכען דאָס אַלטע האַרץ האָט געטאַנצט און געשפּרונגען ביי איהם אין בוזעם. ער האָט דערגרייכט די ציעל פון זיין לעבען. ער האָט שוין זיין קינד פאַר־ זאָרגט. נו, וואָס דאַרף ער נאָך מעהר? און ווען ער האָט בים־ לעכווייז, בעסער און בעסער פאַרשטאַנען, וואָס צווייהאַרץ וועט טהון פאַר איהם און פאַר זיין קינד, האָבען די געפילען וואָס האָ־

בעך געשטורעמט אין זיין ברוסט בייגעקומען זיין געמיטה, די פייערדיגע פרייד האָט צעשמאָלצען זיין נשמה, און ער האָט גע-זוכט די האַנט, וואָס האָט ערשט געשריבען זיין נאָמען און אַד-רעס—צו קושען זי. הער צווייהאַרץ האָט דאָס ניט דערלאָזט. ער איז ביי זיך אין האַרצען געווען צופרידען וואָס דער מַאַן האָט „ענדליך" פאַרשטאַנען—אַזוי האָט ער געטראַכט, אַז אַרבייט אין פאַרדינסט דאַרפען זיין דאָס ערשטע און דאָס וויכטיגסטע אין אַניאָרימאַנס לעבען, און, ווען איינער האָט אָבגעשפּאָרט גענוג געלט—האָט ער געטראַכט—דאַן קאַן ער ערשט פיר מאַלענטע זאָרגען.

— אַך, די לויטען, די לויטען... די גרינע לויטע... האָט ער זיך דערוואָרעמט טראַכטענדיג, ווען ער האָט שוין אַרויסבעגלייט דוד רחעלעס מיט זיין אינגעל פון דער טיהר. — די האַבען אין זאָנדערבאַרען בעגריף פון לעבען. די האבען מערקווירדיגע פעה-היגקייטען און זאָנדערבאַרע שטרעבונגען. דאָקטאָרען, אַדוואָקאַ-טען, ליטעראַטען, קינסטלער וואָלען זי אַלע זיין, אָבער... ווער וועט דען פיר דיזע אַרבייטען... איין לעבען מאַכען. דאַ אים לאַנדע מוזען זי לערנען צו שאַפען. יאַ, אַרבייטען—דאָס איזט דאָס הויפט אַמעריקאַנישעס פרינציפ דעס לעבענס—האָט ער זיך פרידליך געמורמעלט אונטער דער נאָז און האָט גאָר פאַרגעסען, אַז דוד רחעלעס לאַנדס-לייט האָבען זיך שוין אין די הונדערטער טויזענדער אויסגעלערענט דעם פרינציפ אין די איינגע און שמוציגע ווינקלען פון זייער געטאָה. דוד רחעלעס איז אַוועקגעגאַנגען פון הער צווייהאַרץ דער גליקליכסטער מענש אין דער וועלט. איצט ווען ער האָט שוין פאַרזאָרגט זיין קינד האָבען זיך שטילערהייד אַריינגעגנב'עט אין זיין ברוסט ליכטיגע האָפענונגען צו זעהען איהם אַמאָל אַ גרויסען קינסטלער—דעם קינסטלער, וואָס ער איז געווען

זיכער, עס איז איהם בעשערט צו ווערען. און פֿאַנטאַסטישע ביל־
דער פון צוקונפטיגער גרויסקייט און צוקונפטיגע עהרע האָבען
זיך געמאָלען אין דעם אַלטענס פאָרשטעלונג.

* * *

פינף טעג זענען פאָראיבער און דוד רחלעס האָט גאָר ניט
געהערט פון הער צווייהאַרצען. ער איז געווען אויסער זיך.

— קען דען זיין, אַז הער צווייהאַרץ האָט גענומען זיין נאָ־
מען און זיין אַדרעס נור פטור צו ווערען פון איהם? פונקט ווי
די הערען פון די געשעפטען, וואו ער פֿלעגט פרעגען אויף אַרביים,
פלעגען פאַרשרייבען זיין נאָמען און אַדרעס, און זיך קיינמאָהל ניט
דערמאָהנען אָן איהם. קען עס טאַקי זיין? האָט ער אַלץ געטראַכט,
און זיין האַרץ פלעגט אָנהויבען צו קלאַפען אזוי שטאַרק, גלייך ווי
ער וואָלט חלילה געהערט אַ שלעכטע בשורה.

אָבער... עס איז דאָך געקומען, אַ פּאָסט־קאַרט'ל איז געקו־
מען. און ער האָט געוואוסט אַז עס איז פון צווייהאַרצ'ן. עס
איז געווען געשריבען אין ענגליש. און ווער דען וואָלט געשריבען
אין ענגליש צו איהם? און ער האָט דאָס פּאָסט־קאַרט'ל בעטראַכט,
געדרייט אַהין און אַהער. געקוקט אויף דעם דורך די ברילען,
אַוועקלייגענדיג די אַרבייט אויף אַ ווײַלע. זיינע געדאַנקען זענען
ווילד געפלויגען און האָבען זיך אַליין פאָרגעשטעלט דעם אינהאַלט
פון דעם פאָסט־קאַרט'ל. לעזען האָט ער עס ניט געקענט. אָבער
דער אינהאַלט, ווי ער האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט, איז אויף אַ רגע
ניט געבליבען פעסט אין זיינע געדאַנקען. אָט איז עס געווען דאָס,
און אָט ווידער עפּעס אַנדערס.

און איהם האָט זיך אַלץ געוואָלט וויסען, וואָס שטייט

דאָרט פּאָרט ... ער האָט ניט געקענט אַרבייטען, ער האָט מיט אונגעדולד געוואַרט אויף זיין פלימעניק, דעם סטודענט—דער איינציגער מענש וועמען ער וואָלט געטרויט דעם אינהאַלט פון דעם פּאָסט־קאַרט׳ל. ווי אויף צו להכעיס אָבער, איז זיין פלימעניק ניט געקומען ביז שפּעט נאָך מיטאָג, און דוד רחלעס האָט זיך ביז דעמאָלט קיין אָרט ניט געפונען.

— טאָמער, חלילה, שטייט אין דעם פּאָסט־קאַרט׳ל אַז מיר האָבען געדאַרפט היינט אין דער פריה געהען אַהין — האָט ער זיך ניט געקענט בערוהיגען—דעמאָלט, נאָט בעהיט, קען דאָך זיין אַלעס פערלוירען ... האָט זיך איהם אָפּט פאָרגעשטעלט, און ער האָט ווידער בעטראַכט דאָס פּאָסט־קאַרט׳ל, געדריקט עס אַהין און אַהער, פונקט ווי דאָס וואָלט איהם געהאָלפען זיך אָנצושטויסען וואָס עס שטעהט דאָרט געשריבען.

ערשט אַרום אַ זייגער פיער בייטאָג איז געקומען זיין פלי־מעניק.

— אוי, ישראל—האָט ער אויסגעשריגען—איך האָב דאָך קוים דערלעבט דיך צוזעהען. די אויגען זענען מיר שיער ניט אַרויסגעקראָכען. וואו ביסטו געוועזען, איך האָב אַ גאַנצען טאָג געוואַרט אויף דיר.

— געוואַרט ... אויף מיר? וואָס איז?—האָט ישראל ער־שטוינט געפרעגט.

— ששש ... שריי ניט אַזוי, — האָט זיך דוד רחל׳עס אי־בערגעבויגען איבער זיין אַרבייט און האָט שטיל געזאָגט.

— דו ווייסט, ישראל, איך בין דאָך געוועזען מיט דעם אינ־געל ביי מיסטער צווייהאַרץ. ששש ... האָט ער צוגעלייגט די צו־

נויפגעליינטע פינגער פון דער האַנט צו די צונויפגעצויגענע ליפען און האָט נאָך שטילער גערעט .

— ער האָט מיר צוגעזאָגט צו העלפען דעם קינד... דו הערסט , ישראל ?

— אַזוי ?.. האָט ישראל פאַרוואונדערט געפרעגט .

— יאָ , יאָ , ישראל , איך פאַרזיכער דיך . עס איז ניט קיין גוזמא ... ער איז אַ גרויסער מאַן ... אַ רייכער , מיט אַ דימענט־הארץ . מען זאָגט ער טהוט פיעל גוטעס פאַר אידען ... און , אַז ער זאָגט צו ... און ער האָט מיר אַליין מיט זיין מויל צוגעזאָגט , אַז ער וועט איהם אַריינגעמען אין אַזאַ קלאַס ... דו פאַרשטייסט ישראל ? האָט דוד רחלעס בעטאָנט זיינע לעצטע ווערטער .

— אַ קלאַס ?—האָט ישראל איבערגעפרעגט . — וואָס הייסט עפּעס אַ קלאַס ?

— איך ווייס ? אַזוי האָט ער געזאָגט ; מסתמא , ווייסט ער דאָך , וואָס ער רעט . אָה , ישראל , דו ווייסט גאָר ניט ווי גליקליך איך בין—האָט דער אַלטער געזאָגט , און זיין אונטערשטע ליפּ מיט דער גרויסער געל־גרויער באָרד האָבען אַ ציטער געטהון . — ווי וואָלט איך , אַניאָרימאַן , געקענט עפּעס טהון פאַר איהם , פאַר זיין גרויסען טאַלאַנט ... אָבער , ישראל , מיר האָבען אַ גרויסען גאָט אויף דער וועלט . דו וועסט זעהען , ישראל , הער צווייהאַרץ וועט איהם שוין פאַרזאָרגען .

ישראל'ן האָט זיך עפּעס ניט געגלויבט . איהם איז נאָך אין טעם געלעגען , ווי שווער עס איז איהם אָנגעקומען צו בעצאָהלען אין אוניווערסיטעט מיט דער הילף פון די בעלי צדקות . אָבער ...

— הלואי , פעטער , עס זאָל זיין אמת—האָט ער ניט גלויבענדיג געזאָגט :

— אָט, נא, זעה אַליין. זיי האָבען דאָך געשיקט נאָך איהם... אויב עס איז, חלילה, ניט פאַרשפּעטיגט—און דוד רחלעס האָט איהם דערלאַנגט דאָס פּאָסט־קאַרט׳ל.

דער יונגער מאַן האָט גענומען דאָס פּאָסט־קאַרט׳ל. דוד רחלעס האָט אַוועקגעלייגט די אַרבייט איף די קני, האָט צונויפ־געלייגט די דאַרע הענט אויף דער אַרבייט, האָט אויסגעצויגען זיין האַלז־און־נאַקען, ביז די בלויע אָדערען האָבען אַרויסגעשטאַר־צעט פון ביידע זייטען, און די געלע־גרויע באָרד איז געהאַנגען אין דער לופטען. זיינע קליינע בלישצענדיגע אויגען האָבען זיך ווייט געעפענט און וואַרטענדיג האָט ער געקוקט אויף ישראלין.

ער האָט זיך צוגעגרייט צו הערען דעם אינהאַלט פון דעם קאַרט׳ל.

ישראל האָט אַ סעקונדע בעטראַכט דאָס קאַרט׳ל, מאַשי־נאַלנע האָט ער עס צוגעטראָגען נעהענטער צו זיך און האָט זיך צוגעבויגען צו דעם, און האָט זיך גוט צוגעקוקט. ער האָט עס שטום, פאַר זיך געלעזען און האָט געשטוינט... זיינע אויגען זע־נען געלאָפען איבער די געשריבענע שורות. ווילד־פאַרוואונדערט... פלוצלונג האָט ער זיך צוריקגעוואָרפען איף זיין שטוהל מיט אַ שטאַרקען אימפּעט, די האַנט מיט דעם קאַרט׳ל איז לויז אַראָבגעפאַלען ביי זיין זייט, דער קאָפּ האָט זיך פאַרוואָרפען צו־ריק איבער דעםביינקעל, און פון זיין ברוסט האָט אַרויסגעשאָסען אַ ווילדער געלעכטער. ער האָט געלאַכט הילכיג, קלינגענדיג, שטאַרק. געדרייט זיך אויף זיין שטוהל און געלאַכט.

— אָה, די פּילאַנטראָפּען—האָט ער געלאַכט און געהאַל־טען זיך ביי די זייטען—די פילאַנטראָפּען—האָט ער זיך געטריי־סעלט און געצאַפּעלט און געלאַכט...

— ישראל—האָט דוד רחלעס אויסגערופען מיט אַ ציטער און זיין קול אין אַ וועהטאָג אין האַרצען. ישראל האָט זיך ווי אַ צומישטער אויפגעכאַפּט. איצט ערשט האָט ער דערפילט ווי ער האָט וועה געטהון דעם אַלטען. ער האָט מיט אַלע כּחות גע-פּרובט איינצוהאַלטען זיין געלעכטער. עס איז איהם ניט גרינג אָנגעקומען. צווישען איינגעהאַלטענע קאָנוואַלסיווע צוקונגען פון געלעכטער האָט ער אין דער הויך געלעזען דאָס פּאָסט-קאַרט'ל.

„וערטהער הער, איהר זייט דאַמיט העפליכסט איינגעלאַדען— איז געווען געשריבען אין פּאָסט-קאַרט—צו קומען מאָנטאַג, אָק-טאָבער דעם 16-טען, אַכט אוהר אַבענדס אין דעם * * * אינסטיטוט, וואו דער קלאַס אין טעלעגראַפיע צו וועלכען זיי גע-הערען וואונשען אונד האַבען דאַצו איהר נאָמען געגעבען, ווירד דאָס ערשטע מאָל צוזאַמענקומען.

אכטונגס-פאָל * * *

און אין אַ ווינקעל פון דעם קאַרט'ל איז מיט רויטען טינט געווען אָנגעשריבען: רעקאָמענדירט פון הערען ערנעסט צווייהאַרץ.

— אָרימער פעטער, — האָט ישראל טרויעריג געזאָגט און האָט געשאָקעלט מיט דעם קאָפּ. ער האָט שוין פאַרשטאַנען, וואָס האָט בעדייטעט דער „קלאַס". אַ קלאַס צומאַכען טעלעגראַפיסטען פון אָרעמע טאַלאַנטפאָלע קינדער—אָט דאָס קענען די הערען פי-לאַנטראָפּען—האָט ער געטראַכט און האָט פאַרשטיקט אין זיך די ספּאַזמען פון היסטעריישען געלעכטער. און דוד רחלעס איז גע-זעסען—די אַרבייט אויף זיינע קני, די דאַרע הענט אויף זיין אַר-בייט און האָט געקוקט מיט די קליינע פינקעלדיגע אויגען אויף דעם לאַבענדיגען יונגען מאַן. ער האָט נאָך ניט קלאָהר פאַרשטאַ-נען, וואָס עס טוהט זיך דאָ, אָבער אַן אינווייניגסטער שמערצ-

ליבער געפיהל האָט שטאַרק געפרעסט זיין ברוסט און האָט איהם ניט געלאָזט אָבּעמען. דאָס אַלטע האַרץ האָט איהם געזאָגט, אַז עפּעס אַ מורא'דיגע, אַ שרעקליכע סכּנה סטראַשעט דעם גליק פון זיין קינד, און טיעף אין זיין אָרעמער נשמה האָט עפּעס אַזוי וועה געטהון... געקלאַפּט און וועה געטהון.

## II.

די רייכע און אַרטיסטישע קרייזען פון ניו-יאָרק האָבען געקאָכט און געזאָטען מיט אויפרעגונג. דער גרויסער לייפּציגער קינסטלער, דער ווירטואָז — הער יאָהאַנעס פאָן פירסט האָט גע־שפּילט זיין לעצטען, זיין זיי-געזונד קאָנצערט.

דער שיינער קאָנצערט-זאַל איז געווען אָנגעפילט מיט דער אויסדערוויילטע פון דער גלענצענדסטער געזעלשאַפט. און עס איז גאָר קיין וואונדער ניט געווען. פאָן פירסט איז געווען דער גרויסער אייראָ־פּייאישער פידלער. אומעדום וואו ער איז געקומען אין די פּער־אייניגטע שטאַאטען האָבען איהם בעגעגענט בעגייסטערטע פּער־עהרער. אומעדום האָט אויך דאָ געוואַקסען זיין נאָמען, זיין עהרע און מיט זיי דער אוצר פון גאָלד וואָס ער האָט דאָ פאַרדינט.

דעם אָבענד האָט ער זיך געזעגענט מיט דעם ניו-יאָרקער פּובליקום, און די בעסטע, די אמת'ע מבינים זיינען געקומען הערען די זיסע טענער פון זיין זיי-געזונד-נגון.

און ער האָט וואונדערליך געשפּילט. מיט אַ רעגען פון בלומען און אַ שטורם פון אַפּלאָדיסמענטען האָבען די פערעהרער בעגעגענט דעם מייסטער. ער איז געשטאַנען אויף דער ביהנע, און איהם האָט זיך געדוכט אַז אַלץ אַרום איהם טאַנצט און דרייט

זיך. פאַרטויבט פון דעם גערויש פון ענטציקונג, האָט ער זיך וויא אַ מלאך געטראָגען אויף אויסגעשפרייטע פליגלען אין דער ליכטיג-קייט וואָס האָט אָנגעפילט דעם זאַל און האָט בעגאָסען די ביהנע. ער האָט זיך געטראָגען אַהין אין דער הויך — אין די הימלען וואו די געטער פון שיינקייט און קונסט זיטצען. און איהם איז געוועזען אזוי גוט... אַזוי ליכטיג... ער איז שוין ניט געוועזען קיין יונגער מאַן. אָבער די שטריכען פון זיין ריין-ראַזירט פנים זיינען נאָך גע-ווען זאַמעט-ווייך און זיס. אין זייער אויסדריק האָט זיך די קינסט-לערישע נשמה וואָס האָט זיך אַזוי וואונדערפאָל געהערט אין די טענער פון זיין פידעל, אָבגעשפיגעלט און האָט געשיינט אין אַ שטראַהלענדיג ליכט דורך זיינע ווילדע אויגען. און ער האָט זיינע פערעהרער פאַר'כשופ'ט מיט זיין שמייכעל ווען ער האָט זיך פאַר זיי פאַרנייגט. און זיי האָבען גערוישט און געליאַרעמט וויא פאַרשכור'טע אין אַ ווילדען עקסטאַז.

ער האָט זיך גענייגט און געשמייכעלט און זיי האָבען געיו-בעלט און געשריגען, געפּאַטשט מיט די הענט און פאַרצויגען זיך הילכיג.

— בראַ... וואָ, בראַ — וואָ.

און אַלעס האָט זיך געענדיגט. דער קינסטלער איז אַוועק-געגאַנגען.

אַ גרויסער אונגעלומפּערטער אָטאָמאָביל האָט איהם געבראַכט צום אריינגאַנג פון זיין האָטעל. ער איז ארויסגעשפרונגען פון דעם טייפעלשען וואָגען, בעצאָלט דעם פוהרמאַן און איז פערטראַכט געבליבען שטעהען, נאָכקוקענדיג וויא די אונגעלומפּערטע בעשע-פעניש האָט זיך אויסגעקערעוועט און איז פאַרשוואונדען געוואָרען אין דער נאַכט.

עס איז געווען אַ שיינע נאַכט. דער גרויסער קינסטלער האָט זיך ניט געהיילט אַרויפצוגעהען צו זיך אין די צימער. עפּעס האָט זיך איהם געוואָלט בלייבען אין דרויסען. אַזעלכע רעש׳יגע סצענעס וויא די היינטיגע פלעגען מאַכען אַ שווערען איינדרוק אויף זיין זעעלע און פלעגען אָפט זיין די שולד פון שלאָף-לאָזע נעכט... פאַר זיי האָט ער מורא געהאַט.

אין די נאַכט איז געווען אַזוי שיין און האָט אַזוי געצויגען צו זיך. אַזוי שיין וויא די ערשטע נעכט פון פריהלינג קענען נור זיין. און זי האָט גענאַרט יעדערען צו אָטעמען איהר ריינע קיהלע איינפלעבענדע לופט, צו האָבען פאַרגעניגען פון דעם בלאָען דורכזיכטיגען הימעל, בעוואונדערען דעם בלאַסען בליאַסק פון דער לבנה וואָס איז וויא אין אַ ריימעל געווען געפּאַסט אין קלאָהרע-בלאָע וואָלקענדלעך, זיי האָבען זיך אויסגעשפרייט אַרום איהרע שיינענדיגע ברעגעס און האָבען אָבגעשפּיגעלט אַרום איהר אַ בלוי-ליך-גילדערנע, רויטליכע רייף. עס איז געווען אַ שיינע נאַכט.
די לעצטע קרעפטען פון דעם גוסיס׳דיגען פראָסט האָבען נאָך געפּרואווט צו וועבען אויף דער אויבערפלאַכע פון דער שטעהענ-דיגער וואַטער אויף דער גאַס, פון טיליאָנען דינע פאַרפראָרענע קריסטאַלען-נאָדלען וואונדער-שיינע מוסטערען פון קונסט. עס איז געווען אַ וואונדער-שיינע נאַכט און דער מייסטער איז זיך פאַר-טראַכט אַוועקגעגאַנגען אָהן אַ ציעל און אָהן אַ בעשטימונג. ער האָט פאַרקערעוועט אין אַ שטילער גאַס, ווייטער פון דעם גערויש און געפּילדער. איהם האָט זיך געוואָלט טראַכטען אביסעל. זיינע געדאַנקען זיינען גרינג געפלאָסען איבער דער איבערגעלעבטער צייט אין דעם לאַנד פון גאָלד אין היילעניש. איבער די שטעט אין מענשען וואָס ער האָט בעגעגענט, איבער דעם גרויסען ער-

פאָלג וואָס ער האָט דאָ געהאַט. געקומען איז ער אַהער, צוליעב די גרויסע פאַרדינסטען, און זיי האָבען איהם אַביסעל פאַרדרייט דעם קאָפּ, פאַרבלענדעט די אויגען. אין דעם אַלטעגליכען געריש פון דעם לעבען האָט ער גאָרניט בעמערקט אַז זיין געליבטער קונסט סטראַשעט אַ געפאַהר. שפּילען האָט ער אפילו געשפּילט אַזוי צויבעריש וויא תמיד. אָבער... דוכטזיך, אַז צוליעב דעם ערפאָלג וואָס האָט איהם אַזוי איבערראַשט האָט ער עפּעס געוואָלט וויא געפעלען זיינע צוהערער און פערעהרער, און ער איז, דוכט־ זיך, ניט אינגאַנצען טריי געבליבען זיין קונסט... אָבער, דאָס איז געווען דער טיפער סוד פון זיין נשמה... דאָס גאָלד איז אַזוי פאַרפירעריש... אין מאָמענטען אָבער וויא די אין דעם אָבענד, אין מיטען פון זיין שפּילען, צווישען פריינד און פערעה־ רער, בלומען און אַפּפּלאָדיסמענטען, פלעגט זיין גרויסער גייסט זיך אויפהויבען איף די פליגעל פון געוויסענסביסע, העכער פון דער נידעריגער מאַטיערעלער ווערט־שעצונג פון זיין קונסט — אין די רייכערע ספערען. און דעמאָלט איז ער געווען גליקליך גליקליך וויא אין זיינע יונגע יאָהרען, ווען זיין גרויסע יונגע קראַפט האָט זיך ניט געבוקט פאַר מרצָנען, און זיינע טענער האָ־ בען זיך ניט אונטערגעגעבען דעם קלאַנג פון מעטאַל.

אָה, דעמאָלט איז ער געווען דער אמת׳ער, דער גרויסער קינסטלער.

אַזוי האָט ער געטראַכט. געגאַנגען און געטראַכט, ווען פון ערגעץ וואו, פון ווייטען האָט זיין אויער טענער דערהערט. אינסטינקטיוו איז ער שטעהען געבליבען.

אימעצער האָט אויף אַ פידעל געשפּילט. אויף דעם זעלבען

אינסטרומענט וואָס האָט איהם אַזוי אָפּט די סודות פון זיין אייגע־
נער נשמה דערציילט. ער האָט זיך צוגעהערט. איינגעהאַלטען
דעם אָטעם. פונקט וויא ער וואָלט מורא געהאַט איבערצושלאָ־
גען די פליסיגע מעלאָדיע.

און ער איז פּאַמעלאַך נעהענטער געגאַנגען און האָט באַלד
דערקענט די וואונדער־שיינע מוזיקע פון וויעניאַווסקעס „לעגענדע".
נעהענטער און נעהענטער זיינען געקומען די צויבער-טענער. וויא
פּראַכטפאָל זיינען געווען די בעקאַנטע קלאַנגען אין דער שטילקייט
פון דער נאַכט, וויא געטליך מעלאָדיש! זיס טרויעריג זיינען
געווען די לאַנגע מוזיקאַלישע וועהען־טענער וואָס האָבען מיט
לעגענדאַרישע פּראַכט דערציילט די ליידען, שמערצען און
ערנידערונג, די האָפענונגען און פערצווייפלונג פון אַן׳אונטער־
דריקט פאָלק.

גאָט, וויא צייבעריש זיי זיינען געווען!

אָבער אין דעם איצטיגען שפּילען פון דער „לעגענדע" האָט
דער מייסטער דערקענט עפּעס אַ נייעס טיפען, מיסטישען
אַקקאָרד, אַזאַ איידעלען, אַזאַ בשופ׳דיגען וואָס האָט איהם —
דעם וועלט בערימטען קינסטלער — אויסגעוויזען מיט אַ מאַגישער
קראַפט צו ענטדעקען די אינערליכע האַרמאָניע פון דעם קאָמפּאָ־
זיטאָרס נשמה — אַן׳אַקקאָרד וועלכען ער האָט נאָך ביז איצט
קיינמאָל ניט געהערט

— האונדערפאָל, וואונדערפאָל — האָט ער אויסגערופען
מיט ענטציקונג, און ער איז געגאַנגען צום הויז פון וואַנען דאָס
שפּילען האָט זיך געהערט.

ביים הויז האָט ער זיך אָבגעשטעלט. בעצויבערט פון דער
געטליכער מעלאָדיע, ערשטוינט פון דעם קינסטלערישען שפּילען

פון דעם אונבעקאַנטען, איז דער מייסטער געשטאַנען, דעם קאָפּ איינגעבויגען, די הענט אין די קעשענעס — פאַרוואונדערט; און דער שאָטען פון זיין פיגור האָט זיך קאָסע אויסגעשפּרייט איבער דער גאַנצער ברייט פון דער גאַס. ער האָט געהערט און געוואונ־דערט זיך. און די גרויסע קיילעכדיגע לבנה האָט געוואָרפען איהרע בלאַסע שטראַהלען אויף דעם מייסטער. די ווייכע שטרי־כען פון זיין פאַרוואונדערט פּנים האָבען זיך קלאָהר געזעהען אין דעם מאַטען ליכט. און די פינקעלדיגע שטערען האָבען געבליש־צעט און געוויגט זיך אין דעם עפּיר צום טאַקט אַפּנים פון די טאַנצענדיגע כוואַליעס פון דער מוזיקע אין דער לופט.

— וואונדערפאַל, וואונדערפאַל — האָט דער מייסטער געמור־מעלט פאַר זיך. דאָס שפּילען האָט אויפגעהערט. אַ גערויש פון אַפּלאָדיסמענטען האָט זיך געהערט אין גאַס. אַ טומעל פון ווער־טער האָבען זיך דערטראָגען צום מייסטער. ער האָט אוואָרט פון דעם געטומעל ניט פאַרשטאַנען. ער האָט בעטראַכט דאָס הויז. עס איז געווען אַניאַלטע געביידע. דער אונטערשטער עטאַזש איז געווען איבערגעבויט אין אַ גרויסער קלייט, צעטיילט מיט אַ וואַנט אויף צוויי. אויף דער רעכטער זייט פון דער גלעזערנער טיהר האָבען רויטע אותיות אָנגעוויזען אַז דאָ האַט געשעפטען אַ ציר־גער פון דער „הימעלישער אימפּעריע“. זיי האָבען זיך געלעזען — „לו — פונג — טשאַנג. כינעזישע וועשעריי“. אויף דער אַנדערער זייט פון דער גלעזערנער טיהר האָט דער מייסטער אויף דעם פענסטער איבערגעלעזען די גרויסע ווייסע בוכשטאַבען — „דוד רהלעס, שניידער. קליידער געריינינגט און פּאַריכט. גוט און ביכ־טיג געמאַכט“.

— דוד רהלעס, דוד רהלעס — האָט דער מייסטער

איבערגע'הזר'ט פאַרוואונדערט און האָט געקוקט אויף דעם אַלטען בלאָען פאָרהאַנג וואָס האָט פאַרשטעלט דאָס פענסטער.

— דוד רחלעס — האָט ער נאָך אַ מאָל געזאָגט — וועך קען עס זיין ? . . . און האָט משונה'דיג אַ צוק געטהון מיט די אַקס־לען און איז ווייטער אַוועקגעגאַנגען. אָבער די היליגע קולות און דער פרייליכער געפּילדער, וואָס האָבען אין דער שטילער נאַכט דערגרייכט זיינע אויערען | האָבען געהילכט און דערמאָנט איהם נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל, גלייך וויא אַנ'אומבעוואוסטע קראַפט וואָ'ט געוואָלט ער זאָל זיך איינחזר'ן — דוד רחלעס, דוד רחלעס.

## III.

— קענט איהר מיר פיליכט פאַריכטען דאָס קנעפּעל פון מיין וועסט — האָט אַ קלינגענדיגע שטימע, מיט אַ שאַרפען דייט־שען אַקצענט, געפרעגט אויף ענגליש, אריינגייהענדיג צו דוד רחלעס אין שניידער שאַפּ.

— יאָ, יאָ, געוויס, מיסטער, — האָט דוד רחלעס גע־ענטפערט אין זיין צעבראָכענעם ענגליש, און איז אַראָבגעשפּרונגען פון דעם שניידערשען טיש, אויף וועלכען ער איז געזעסען צונויפ־געלייגט די פיס וויא אַ טערק, און האָט פאַריכט אַנ'אַלטען פראַק. ער איז געגאַנגען, אַזוי ווי ביי זיך אין שאַפּ — אָהן אַ ראָק, אין אַ צעשפּליטערטער אַלטער וועסט וואָס איז אויף דער זייט נאָט געוועזען אַ היבש ביסעל צעריסען. די אַרבעל פון דעם העמד כמעט ביז די עלענבויגען פאַרקאַטשעט, די קאַלטענעוואַטע באָרד שטאַרק צעשויבערט, ער איז געווען שטאַרק פאַרפּאָטיעט. ווען ער איז

אַראָב פון טיש האָט ער זיך גענומען בעטראַכטען דאָס לייזע קנע־
פעל אויף דער וועסט פון דעם עלעגאַנטען הער. דער פרעמדער
האָט זיך דערוויל אַרומגעקוקט. דוד רהלעס האָט מיט געניטער
שנעליגקייט אַראָבגעצויגען דעם איבער-ראָק פון דעם הער, אַראָב־
גענומען דעם ראָק, און האָט זיך דערביי אַ פּאָר מאָל טיעף פאַר־
נייגט — און האָט ווידער בעטראַכט דאָס לייזע קנעפעל.

— בעסער עס אינגאַנצען אַראָבנעמען און אויף דאָס ניי
אָננעהען — האָט ער אַנ'עצה געגעבען. עס וועט נור נעמען אַ מי־
נוט. איין מינוט — האָט ער אין זיין געקאַליעטשעטען ענגליש
ערקלערט.

— גוט, גוט — האָט דער פרעמדער גיך געענטפערט —
זאָל זיין אַזוי. — דוד רחלעס האָט אַרונטערגענומען די וועסט
פון דעם הער און האָט איהם אונטערגעטראָגען אַ ביינקעל.

— זעצט זיך, ביטע... האָט ער געזאָגט און האָט זיך
קאָמיש פאַרנייגט.

— זעצט זיך, עס וועט באַלד זיין פאַרטיג... שוין —
האָט ער פאַרזיכערט. דער הער האָט געשוויגען און האָט זיך
אַנידערגעזעצט. אַ פּאָר מינוט האָט ער בעטראַכט דעם שאַפּ.

עס איז געווען אַנ'אַלטער, אַ שמוציג פלאַץ. די גאַז־לאַמפּ
וואָס האָט געבלישטשעט פאַר דעם טיש איז געווען דאָס איינציגע
צירונג אין שאַפּ. אַ לאַנגער שניידערשער טיש איז געשטאַנען ביי
דער וואַנט און האָט פאַרנומען כמעט די גאַנצע ברייט פון דעם
צימער. ביים עק טיש האָט דוד רהלעס פּועל געפּרעסט אַ פּאָר
אַלטע הויזען. ער האָט ביי דער אַרבייט משונה'דיג אויסגעזעהען.
אָט האָט ער גיך געפירט דאָס שווערע הייסע אייזען איבער דעם
פוס פון די הויזען, און אָט האָט ער עס פּלוצלונג אַ הייב געטהון

אין דערהויך און האָט עס מיט אַזאַ אימפּעט אַראָבגעלאָזט, אַז דער טיש האָט אַזש געציטערט ; דער נאָך האָט ער זיך איבערגעבויגען איבער דעם אייזען, האָט אָנגעשפּאַרט זיין ברוסט אויף דער האַנט וואָס האָט געהאַלטען דאָס הענטעל מיט דער האַנטעשקע און האָט עס אַזוי שטאַרק צוגעדריקט, אַז זיינע באַקען האָבען זיך אָנגעבלאָזען, זיינע נעזלעכער צעגומען ; דאָס פּנים איז געוואָרען פּורפּור־רויט, ער האָט שווער געקרעכצעט און פּאַמעלעך געשאָקעלט זיך פון זייט צו זייט. דער טיש האָט אונטער זיינע שווערע בעוועגונגען אונטערגעסקריפּעט.

אויף דעם טיש איז געלעגען צעוואָרפען דוד רחלעס שניידער־געציינג: אַ שער, אַ קלעצעל פּאָדים, אַ קישעלע מיט איינגעשטעקטע נאָדלען און אַ יאַרד־סטיק*). אַ פינגערהוט האָט זיך געוואַלגערט און אַ פון אַ קליין איבערגעקערט קעסטעלע האָבען זיך אויסגעשאָטען אַלטע קנעפּלעך, פּרוויען־העקעלעך און קאָלירטע שטיקלעך קרייד.

די ווענט פון דוד רחלעס שניידער־שאַפּ זיינען געווען באַשלאָגען מיט אַלטען אָבגעבליאַקעוועטען שפּאַליער, אויף וועלכען דער שטויב און די עלטער האָבען שוין לאַנג אָבגעריבען די בלומען און די פיגורען. איבער דער וואַנט וואָס האָט געפירט צו דער גאַס־טיהר האָט געטיק־טאַקט אַן אַלטער זייגער. אויף איהם האָט תמיד די צייט און די אייביגקייט וועניגסטענס אויף אַ האַלבע שעה פאַרשפּעטיגט, און אויף אַ הילצערנער פיגור צווישען פענסטער און טיש איז וויא אַ תליתל איבער די אַקסלען פון אַ כאָר־זינגער דוד רחלעס מאָס געהאַנגען. אין פענסטער זיינען אויף

---

*) אַן ענגלישע מאָז וויא אַן אַרשין

אַ דראָטענער שטאַנג געהאַנגען אַ פּאָר שפּאָגעל־נייע הויזען. זיי האָבען בעשיינט דעם פענסטער. אין מיטען צימער, אין דערליינג, האָט זיך געצוינגען אַ דין הילצערען ווענטעל מיט אַ טיהר וואָס. האָט געפירט צו דוד רחלעס וואָהנונג. אַ גערוך פון צוגעבראָטענע ציבעלעס וואָס האָבען זיך דאָרט געפּרעגעלט האָט אָנגעפילט דעם שניידער־שאָפּ מיט אונאַנגענעהמע ריחות. דאָס ווענטעל איז געווען בעהאַנגען מיט אַלטע קליידער: צוויי פּאָר אויסגעפּרעסטע הויזען, אַנ׳אַלטען ראָק אָהן אַרבעל און בילדער פון פאַסאָנען און זשורנאַלען וואָס זיינען שוין לאַנג פון דער מאָדע אַרויס. דער פרעמדער האָט דאָס אַלץ בעטראַכט מיט גרויס אינטערעס, און ווען זיינע אויגען האָבען זיך בעגעגענט מיט דער טיהר האָט ער פערוואונדערט געפרעגט.

— איהר וואָהנט דאָ אויך?

— זיכער, זיכער — האָט דוד רחלעס געענטפערט מיט אַ שמייכעל.

— מיר האָבען דאָרט צוויי צימער מיט אַ קיך — האָט ער גוטמוטיג ערקלערט.

— אַזוי? איך קום פון איראָפּאַ, פון דייטשלאַנד — האָט דער פרעמדער געזאָגט. קענטיג אַז ער האָט געוואָלט דעם אַלטען אַריינציהען אין אַ שמועות.

— פון וואַנען קומט איהר? — האָט ער געפרעגט

— איך? — איך קום אויך פון איראָפּאַ — האָט דוד מיט שמאָלץ אָנגעוויזען אויף זיך — איך קום פון רוסלאַנד.

— אָה, זאָ!... — האָט דער פרעמדער אויסגעשריגען. ער האָט פאַרשטאַנען ווער דוד רחלעס איז.

— דאַן שפריכט איהר דאָך דייטש — האָט ער שוין אויף דייטש צוגעזעצט.

— אָך קאָם *), געווים. וואָס פאַר אַ פראַגע איהר פרעגט, מיסטער. — האָט דוד רחלעס אויסגערעדט אויף אַ קול אין פראָסט אידעש.

— אַבער... איהר זייט יא צו לאַוט, צו שטורמיש — האָט דער פרעמדער געזאָגט אין דייטש, אומבייטענדיג די רייד.

— איך וואָהן דאַ דריבען, אים האָטעל „לאָרענץ" — האָט ער ערקלערט — געסטערן, שיינט סימיר, וואהרען זי פראָה, צי מוטה; זי האַבען די נאַכבארען אין דער געגענד שלאַפען געשטערט... זי האַבען וואהרשיינליך פיעל געטרונקען. הע... הע... הע... האָט ער זיך גוטמוטהיג צולאַכט.

— געטרונקען?! — האָט זיך דוד רחלעס אַ ביסעל דער־שראָקען. ווער ווייסט ווער דער מאַן איז — האָט ער אַ קלערער געטהון און איז באַלד ווידער צו זיך געקומען.

— עה!... וועה!... האָט ער משונהדיג אַ מאַך געטהון מיט דער האַנט.

— נאַדיר געטרונקען, אַביסעל זיינען מיר געווען פרעהליך— האָט ער מיט דער האַנט טאַקי געפרואווט צו ערקלעהרען. — אָבער געטרונקען?... פאַרשטייען זי, הין הער, נעכטען ביינאַכט, געסטערען... איז ביי אונז געווען אַ גרויסער יום-טוב... אַ... האַלידיי... אַ פייער-טאַג. — האָט ער זיך פערכאַפט.

— וואר׳ס פייערטאַג געסטערן? — האָט דער פרעמדער איבערגעפרעגט.

---

*) זיכער.

— יאָ אַ פּייערטאַג, עס איז געווען מיין זוהן'ס בר מצוה... זיין געבורטס טאָג — האָט ער זיך ווידער פערכאַפּט.

— זאָ זאָ... האָט דער פרעמדער געשאָקעלט מיט דעם קאָפּ און זיינע גרויסע מילדע אויגען האָבען זיך ווייט געעפענט...

— און ווער האָט וואיאָלין געשפּילט? האָט ער געפרעגט פּראינטערעסירט.

אויפ'ן פידעל? — האָט דוד רחלעס איבערגעפרעגט און האָט געשטראַהלט.

— מיין אינגעל, מיין קינד, מיסטער — האָט ער געזאָגט מיט גרויס פרייד און האָט עטליכע מאָל אָנגעוויזען אויף זיך. — מיין קינד, מיין זוהן.

— איהר קינד, איהר זאָהן? האָט דער פרעמדער עפּעס ניט געגלויבט.

וויא אַלט איזט איהר קינד? האָט דער פרעמדער אַביסעל שפּאָטיש געפרעגט.

— וויא אַלט? דרייצעהן יאָהר, מיסטער, איז ער נעכטען געוואָרען... בר...

— וואַס? האָט דער פרעמדער געפרעגט איבערראַשט.

— יאָ, יאָ, מיסטער, דרייצעהן יאָהר, זאָג איך אייך, איז ער געוואָרען — האָט רחלעס פאַרזיכערט. אָבער... מיין אינגעל האָט אַ טאַלאַנט, אַ גרויסען טאַלאַנט. — האָט ער שטאָלץ געזאָגט און האָט אויפגעהויבען זיין קאָפּ פון זיין אַרבייט. זיינע קליינע פינקעלדיגע אויגען האָבען געקוקט אויף דעם פרעמדען, זיי האָבען געהיט זיין פנים. דער פרעמדער איז אונגעדולדיג אויפגעשטאַנען.

— איז עס מעגליך? — האָט ער געט־אַכט.

— זינד זי שוין פערטיג? האָט ער זיך געווענדעט צו רחלעם.

— יאָ, יאָ... אָט נור צופרעסען אביסעל. און ער האָט דערלאַנגט די וועסט דעם פּועל.

— קאָן איך פיעלייכט איהר זאָהן זעהען? האָט דער פרעמ־דער ניט אויסגעהאַלטען ניט צופרעגען.

— שור*), מיסטער, געוויס. — און דוד רחלעס האָט זיך געווענדעט צו דער טיהר און האָט גערופען. — סעם, סעם, סעם... — אַ קול פון אַ פרוי האָט איהם עפּעס אונפערשטענדליך געענטפערט.

— ער איז ניטאָ אין דערהיים, מיסטער, מיין זאָהן. די מוטער האָט איהם געשיקט אין גראָסערי*), איינקויפען פאַר איהר. אָבער, איך זאָג אייך, איהר מעגט מיר גלויבען — ער האָט אַ טאַלאַנט, אַ גרויסען טאַלאַנט.

— ברינגען זי איהם צו מיר, הייטע אָבענד. — האָט דער פרעמדער פאַרגעשלאָגען, נאָך דעם וויא ער האָט זיך אַווײלע געעצה'ט מיט זיך אַליין. — און לאַסען זי מיך איהם הערען. — האָט ער געזאָגט און האָט געגעבען דוד רחלעס זיין וויזיט־קאַרטע.

— ברענגען איהם צו אייך? נאָך וואָס? און דוד רחלעס האָט מיט אַ נייג צום הער גענומען דאָס קאַרטעל. ער האָט עס אַ סעקונדע בעטראַכט.

---

*) געוויס

*) באַקאַלי׳נע קלויטעל.

— איך פיהר איהם אַהין און פיהר איהם אַהער, אָבער עס ווערט פון דעם גאָרניט... קיינער העלפט ניט זיין טאַלאַנט — האָט ער זיך טרויעריג געקלאָגט. דער פרעמדער האָט פאַרשטאַנען דעם אַלטען.

— יאַ, אויב ער ווירקליך טאַלענט האַט, קאַן איך איהם העלפען.

— איהר? האָט זיך דוד רחלעס פאַרוואונדערט. און מיט אַ ווייכען שמייכעל, עפּעס ניט גלויבענדיג, האָט ער ווי־דער געפרעגט.

— איהר שפּילט דען?

— יאַ.

— פידעל? —

— וויאָלין... יאָ...— האָט דער פרעמדער געענטפערט אויך מיט אַ שמייכעל.

— אזוי — האָט רחלעס זיך פאַרוואונדערט און האָט נאָך אַמאָל בעטראַכט דאָס קאַרטעל — און איהר וואָלט געקענט לערנען מיין זוהן?

— יאַ, אויב ער טאַלאַנט האט!

— אָה, וואָס ריידען זי, מ׳סטער, איך זאָג אייך ער האָט אַ גרויסען טאַלאַנט.

נו, גוט... האָט דער פרעמדער ענטש׳דען געזאָגט. ער איז געווען צופרידען וואָס ער האָט דערגרייכט די ציעל פון זיין וויזיט.

— ברינגען זי איהם הייטע אַבענדס. איך ווערדע איהן גערן הערען. און ווען ער ווירקליך טאַלענט האָט, ווערדע איך איהם העלפען קענען. — האָט ער געזאָגט, ווען ער האָט שוין אָנגעטהון

דעם אויבערשטען ראָק. דוד רחלעס האָט איהם געהאָלפען זיך אָנטהון. עפּעס האָט ער זיך גיכער געריהרט. ער איז אַרומגע־שפּרונגען אַרום דעם הער לעבעדיג, אויפגערעגט, אָבער ער האָט זיך איינגעהאַלטען ניט צופיעל אַרויסצווייזען זיין פרייד, ווייל טיעף אין זיין נשמה האָט געקלאַפּט און געשראָקען איהם דאָס טונקעלע אונבעוואוסטע. אָה, וויפיעל מאָל האָט ער שוין געהאָפט, וויפיעל מאָל האָט ער שוין געמיינט אַז אָט-אָט וועלען די ליכטיגע שטראַה־לען פון אַ שיינענדיגער זון שמייכלען צו איהם פאַר זיין קינד, און אין אַ מינוט שפּעטער, האָט ער אויסגעפונען אַ קאַלטע, אַנ'אייז־קאַלטע ענטוישונג.

דער פרעמדער האָט איהם נאָך אַ ווײַלע בעטראַכט און האָט איהם דערלאַנגט אַ האַלבען דאָלאַר פאַר זיין אַרבייט.

דוד רחלעס איז געשטאַנען און האָט ... געקוקט אויפ'ן פרעמ־דען. זיינע לאַנגע הענט זיינען אַראָבגעהאַנגען. דער קאָפּ מיט דער קאָלטענעוואַטער געל־גרויער באָרד אַראָבגעבויגען. די באָרד איז געלעגען אויף דער איינגעפאַלענער ברוסט און אַ ווייכער, וואַ־רעמער אויסדרוק, שטראַהלענדיג מיט נשמה ליכט דורך זיינע אויגען האָט בעדעקט זיין פּנים.

— ניין, מיין הער—האָט ער שטיל געזאָגט—ניין. איך בין אַנ'אָרעמאַן, אַנ'אָרעמער אַלטער שניידער. אָבער... מיין הער, אויב איהר וועט לערנען מיין קינד, אויב איהר וועט העלפען זיין מאַלאַנט, וויל איך ניט קיין געלט פון אייך פאַר אַזאַ קלייניגקייט וויא איינגנעהען אַ קנעפּעל. ניין, איך וויל ניט... נאָך ניט אַזוי, מיין הער, וועל איך אייך בעדאַנקען אויב איהר וועט לערנען מיין קינד. איך וועל אייך אַליין, מיט מיינע אַלטע הענט, מאַכען אַ שוואַרצען פראַק, אַ טייערען פראַק, אַזאַ וויא מען מאַכט ביי

אונז אין דער היים — ביי אונז אין יאָראָפּ, וועל איך אייך מאַכען אַ פּרעזענט... האָט ער געענדיגט און זיינע קליינע אויגען האָבען געבלישצעט פול מיט טרערען.

דער פרעמדער האָט פאַרשטאַנען. ער האָט אונמערגעשמייכעלט, און האָט פאַרוואונדערט געקוקט אויף דעם אַלטען שניידער.

— איין עדעלע זעעלע — האָט ער געטראַכט. און האָט אוואָרפגעטהון דאָס געלט אויפ'ן טיש פאַר דעם פועל. דער פועל האָט פאַרשעמט אַקוקגעטהון אויף דעם הער; האָט זיך טיעף אַ נייגגעטהון און האָט אַריינגעשטעקט דאָס געלט אין קעשענע, דער פרעמדער איז אַוועקגעגאַנגען.

אַ האַלבע שעה שפּעטער האָט שוין דוד רחלעס געוואוסט ווער דער פרעמדער איז געווען.

— אַ שליה פון גאָט, אַ שליה פון גאָט — האָבען זיינע ליפּען געשעפּצעט ווען ישראל האָט איהם דערציילט.

— פּעטער, דאָס איז דאָך געווען דער גרויסער מייסטער — דער גרויסער לייפּציגער מייסטער. אָט איצט, פּעטער, אָט איצט, האָט זיך ישראל ענטוזיאַסטיש געהיצט, וועט איהר אפשר קענען טהון עפּעס פאַר סעמ'ים גרויסען טאַלאַנט. געהט צו איהם, פּעטער, געהט צו איהם.

— אַ שליח פון גאָט, אַ שליח פון גאָט... האָט דער אַלטער שניידער געמורמעלט, און דאָס האַרץ, דאָס האַרץ זיינס האָט עפּעס אַזוי געקלאַפּט, אַזוי שנעל, אַזוי אונרוהיג. עס האָט געקלאַפּט מיט פרייד פאַר דעם גליק פון זיין קינד.

## IV.

אויף דער נאַכט איז סעמי געווען אָנגעטהון ווי צו

אַ חתונה. ער האָט געטראָגען די שיינע בלאָע בלוזע, וועלכע די עלטערע שוועסטער האָט איהם אויפגענייט. די קורצע הייזלעך, וואָס דער טאַטע אַליין האָט אויסגעריינינגט און אויסגעפּרעסט. די שיך מיט אַ גלאַנץ, וועלכען די מאַמע האָט מיט איהרע קראַנקע הענט געמאַכט, און אַ ברייטען, ווייסען קאָלנער איבער דער בלוזע מיט אַנ׳עלעגאַנטען רויטען האַלז-טוך, וואָס זיין אינגסטע שוועסטע-רעל האָט איהם מיט אַרטיסטישען געשמאַק פאַרבונדען. דאָך האָט ער זיך ניט גוט געפילט. זיין לאַנג בלייך פּנים, בעשאָטען מיט דראָבנינקע קלייענדלעך, איז געוועזען עפּעס אַזוי שטומפּפּיג, אויסגע-צויגען. פון זיינע גרויסע ברוינע אויגען, וואָס האָבען זיך בעהאַל-טען אונטער לאַנגע רויטליכע ווייעס האָט אַרויסגעקוקט אַ מורא... אַ שרעק. אַ שרעק פאַר עפּעס וואָס האָט בעאונרוהיגט זיין קינדער-שע נשמה, זיינע אויגען האָבען אויסגעדריקט אונצופרידענהייט, ניט ווילינגקייט.

ער פלעגט פיינט האָבען אַזעלכע אָבענדען; דאָס גרייטען זיך צו זיי, דאָס פאַרשטעלען זיך פאַר לייטען, צו וועלכע דער פאָטער פלעגט איהם פירען, איז געווען אַ מאַטערניש פאַר איהם. פאַר איהם האָט דאָס געהייסען — שפּילען פאַר אונבעקאַנטע מענשען וועלכע האָבען איהם גאָרניט אינטערעסירט.

ער האָט ליעב געהאַט צו שפּילען, ווען ער איז געווען אַליין. דעמאָלט פלעגט זיך איהם אויסווייזען, אַז ער האָט געקענט מיט אַ ווייכער, לאַשצענדיגער ליבע צו זיינע סטרונעס אַרויסרופען טאַנצענדיגע טענער פון זיין פידעל. די טענער פלעגען שוועבען אינדערלופטען אַרום איהם, און שפּילען זיך מיט איהם. זיי פלע-גען לויפען און שפּרינגען, קוליען זיך און איבערקוליען זיך אַזוי קונציג, וויא די קינדער — זיינע חברים, וואָס פלעגען זיך שפּילען

מיט איהם אין דרויסען. אַזוי פלעגט זיך איהם אויסווייזען. אַמאָל פלעגט זיך איהם אויסדרוכטען אַז די טענער פלעגען זיך אויסשטע־לען, אויסמושטירען זיך אין שיינע מעלאָדישע אַקקאָרדען אַזוי וויא זיי וואָלטען אין סאָלדאַטען זיך געשפּילט... און אַמאָל אַז זיי פלעגען פאַלען אויף זיינע אויערען, און אַזוי וויא פאַנטאַסטישע מלאכים׳לעך פלעגען זיי זיך שפּילען מיט זיין נשמה און פלעגען שטיל — בנעימות׳דיג אָדער פאַרשיט -- שעפּצען איהם סודות וועל־כע ער האָט נאָך ניט פאַרשטאַנען. אָבער עס איז איהם געווען אַזוי גוט דעמאָלט, אַזוי אנגענעהם.

דעמאָלט האָט ער ליעב געהאַט צו שפּילען.

ער האָט ליעב געהאַט צו שפּילען זומער אין פריהמאָרגען. ווען אַלע זיינען נאָך געשלאָפען. ער פלעגט אויפשטעהען גאַנץ פריה, פאַרשפּאַרען די טיהר פון זייער איינציגען צימער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט אויפ׳ן הויף־אַריין, און שפּילען אַ זיס, אַ טרוימעריש מאָרגען־ליעד צו דער אויפגעשטאַנענער זון, וועלכע פלעגט איהם שיקען נור איין איינציגען שטראַהל דורך דעם שמאָלען פענסטער. דעמאָלט איז ער געווען גליקליך, גליקליך אָהן אַ שעור. ער פלעגט שפּילען, און זיין קליינער גוף פלעגט זיך וויגען מיט זיינע בעווע־גונגען הין און צוריק געגען פענסטער, בעגריסענדיג דעם איינאיינ־ציגען ליכטיגען שטראַהל.

ער האָט געקענט שפּילען פאַר אַ פּובליקום אויך. ער האָט עס געפּרואווט, ווען מען האָט דעם פאָטער איבערגעבעטען צו לאָ־זען איהם פאַדינען געלט מיט זיין פידעל. אָבער ער פלעגט דאַרפען אינגאַנצען פאַרגעסען דאָס פּובליקום אום צו קענען שפּי־לען אמת גוט. עס פלעגט איהם אפילו ניט שווער אָנקומען. נאָך אַ פּאָר זיפצענדיגע און וויינענדיגע טענער פון זיינע סטרונעס,

טענער, וואָס האָבען געקלונגען ווי די זיפצען און קרעכצען פֿון זיין אַלטער קראַנקער מוטער. זיי — פלעגען ברענגען דאָס טייערע אַלטע פּנים פֿאַר זיינע אויגען, און ער פלעגט פאַרגעסען אָן פּובלי- קום. ער פלעגט זעהען פֿאַר זיך זיין מוטער.

זיין מוטער! עס איז ניט געווען קיין זאַך אין דער וועלט וואָס ער האָט מעהר ליעב געהאַט וויא זיין מוטער — אַפילו ניט זיין קונסט. קיין מענש האָט איהם ניט אַזוי װייך, אַזוי וואַרעם, אַזוי ליבליך-האַרציג בעהאַנדעלט וויא זיין מוטער. זי האָט אפילו ניט פאַרשטאַנען פאַר וואָס מען האָט געמאַכט אַזאַ גרויסען טאַראַראַם וועגען זיין שפּילען. טיעף אין דער נשמה איז זיין שפּילען איהר גאָר ניט געווען צום האַרצען... עס איז איהר עפּעס ניט אָנגעשטאַנען...

— אמת, איהר אַלטער איז אפילו אויך ניט מעהר ווי אַ בעל-מלאכה — פלעגט זי טראַכטען — אָבער... אַ... כליזמר?... נו, און אַז איהר טייער זוהנעלע וועט שוין שפּילען אויף החתונות... איז וואָס? — פלעגט זי זיך שטילערהייד זאָגען. אָבער זי פלעגט עס ניט וואַגען אַרויסצורײדען אינדערהויך. און זי פלעגט הערען וויא אַלע האָבען איהם געליבט, און זי פלעגט איהם אין איהר האַרצען מעהר ליבען; און זי פלעגט זעהען וויא אַלע האָבען איהם געלאַשצעט און געליובעט, און זי פלעגט איהם מעהר און ליבליכער לאַשצען און ליובען. זי האָט איהם זעהער געליבט און זעהער געצערטעלט. און אין זיין קינדערישער נשמה איז זי געווען דאָס ליבסטע און דאָס טייערסטע ביי איהם. ער האָט דעם פאָ- טער אויך ליעב געהאַט... און אפשר טאַקי אַזוי פיעל וויא די מוטער...

— אָבער, פֿלעגט איהם אַמאָל איינפֿאַלען אַ געדאַנק — ווען דער טאַטע וואָלט נאָך איפגעהערט אַרומשלעפּען איהם צו די גרויסע לייט, אַלע מאָל שפּילען פֿאַר זיי; ווען ער וואָלט אויפֿגעהערט תמיד צו פֿלאַגעווען עפּעס אַזעלכע מאָרנע זאַכען פֿאַר איהם — וואָלט ער איהם נאָך מעהר ליעב געהאַט. און די גוטע אַלטע מוטער איז אין זיין קינדערשען שכל אויסגעקומען עפּעס חשוב'ער, ליבליכער. און ווען ער פֿלעגט פֿאַרגעסען די פֿיעלע אָפּענע אויגען פֿון דעם פּובליקום און פֿלעגט דערזעהען פֿאַר זיך דאָס טייערע פּנים פֿון זיין מאַמען — דעמאָלט, פֿלעגט ער גוט שפּילען... גוט!...

אָבער ער פֿלעגט נאָך בעסער שפּילען; ער פֿלעגט שפּילען וואונדער שיין, ווען, אין זעלטענע מאָמענטען, פֿלעגט וויט-וויט אין דעם גרויסען, שוואַרצען רוים, וואוהין ער האָט געקוקט בעת דעם שפּילען פּלוצלונג זיך בעווייזען דאָס קליינע, קיילעכדיגע מלאכים פּנים'על פֿון זיין שטילען פֿריינד. דאָס קליינע, בילד-שיינע מיידעלע וואָס פֿלעגט זיטצען אויף די שטיינערנע טרעפּ נעבען זיין פֿאָטערס שאַפּ און צוהערען זיך צו זיין שפּילען. זי איז געוועזען זיין פֿריינד, זיין טייערסטער פֿריינד צווישען די קינדער. ער האָט ניט געוואוסט פֿאַר וואָס. אָבער ער האָט געפֿילט, אַז ער פֿלעגט דערזעהען איהר שיין פּנים פֿאַר זיך, פֿלעגט אַ ווייכע, גרינגע וואַרעמקייט איהם אַרומנעמען, און וויגענדיגע, פֿולסירענדע כוואַליעס פֿלעגען פֿליסען דורך זיין בלוט און דערגרייכען די האַנד ביים סמיטשעק און די פֿינגער ביי די סטרונעס. זיי פֿלעגען אָנצינדען זיין פּנים, און דאָס בלוט פֿלעגט רוישיגער פֿליסען אין זיינע אָדערען. די האַנט ביים בויגען און די פֿינגער ביי די סטרונעס פֿלעגען דעמאָלט אַזוי טייפֿעליש קונציג אַרבייטען. און די כוואַליעס פֿון דעם

הייסען, רווישענדיגען בלוט פלעגען זיך צונויפגיסען מיט די כוואַ־
ליעס פון די טענער פון דער מוזיקע און אויסגיסען זיך אין אַ וואונ־
דער פאָלער גן־עדן הארמאָניע... און ער פלעגט שפּילען, וואונ־
דערליך שפילען... ער האָט עס געפילט... אינוועניג, אין זיך
געפילט... זי איז געווען אַזוי שיין, אַזוי שטיל, אַזוי שוויינגענ־
דיג — די קליינע, די ליבע, די הארציגע... און איהר פּנים׳על
פלעגט איהם אַזוי בעגייסטערען.

אָבער פאַר פרעמדע האָט ער פיינט געהאַט צו שפילען. און
האָט זיך איצט געגרייט ניט ווילענדיג.

דוד רהלעס, פּאַרקערט, איז געווען אין זיבענטען הימעל.
זיין נשמה האָט געקוואָלען פאַר פרייד. ער האָט עס ניט אַרויס־
געוויזען. ער האָט זי געפּרואוט איינצוימען, בעהאַלטען אונטער
זיין אַלטען שוואַכען ראָק — זיין יום־טוב׳דיגער הלבשה. אין דעם
אַלטען ראָק, פאַרשפּילעט איינגאַנצען ביז אַרויף, האָט ער איצט
אויסגעזעהען נאָך לענגער און דאַרער. נור די קאָלטענעוואַטע
געלבליך־גרויע באָרד, וואָס האָט בעדעקט זיין ברוסט וויא אַ בעזים
פלעגט אָפט אַ ציטער טהון און די לעבעדיגע קליינע אויגען האָ־
בען געפינקעלט...

אַכט אַזייגער, אין אָבענד, איז ער מיט סעט׳ן געגאַנגען
צום לייפּציגער מייסטער. די אַלטע האָט זיי בעגלייט ביז דער
טיהר. און ווען זיי זיינען שוין אַוועקגעגאַנגען איז זי נאָך אַלץ גע־
שטאַנען אויף דער שוועל. עפּעס מיט שרעק האָט זי זיי נאָכגע־
קוקט און האָט שטילערהייד נאָכגעשיקט איהר ברכה, איהר טייע־
רען, איהר קליינעם זוהנניו...

* * *

ווען דוד רחלעס איז מיט סעמי'ן אריינגעקומען צום לייפ־ציגער מייסטער, האט דער מייסטער גיך איבערגעלאזען זיין פריינ־דין—א יונגע דאמע—ביי דעם ראיאל, און האט זיך געהיילט צו בעגעגענען זיינע געסט. ביי זיך אין דער היים איז דער מייסטער געווען גאר אנ'אנדער מענש. אויפגעלייגט פון דעם גרינגען שפי־לערישען מוזיצירען ביי דער פיאנא, איז ער געווען אין דער גליק־ליכער, זארגלאזער שטימונג פון א טרוימער, א קינסטלער—א ליב־לינג פון די מוזעס. פריי פון דער בלישצענדיגער מאדע. פריי פון דעם וועלטליכען פוטץ... זיין קורץ וועלוועטען זשאקעט'ל, זיין לויטער, פריש־געגאלט פנים, זיינע מילדע אויגען פול מיט דעם אויסדריק פון גוטסקייט, זיינע לאנגע, דיקע לאקען, דא און דארט באשאטען מיט זילבער גרויע האר, וואס זענען צוריקגעלע־גען איבער זיין קאפ און האבען זיך געשליינגעלט איבער זיין האלז־און-נאקען—האבען איהם געגעבען אנ'עכט־ארטיסטישעס אויסזעהן. איצט איז ער באמת געווען דער גרויסער פרייער קינסטלער. ער האט בעגעגענט זיינע פריינד מיט א ברייטער, עדעלער פריינד־ליכקייט.

— גוטען אבענד, גוטען אבענד, מיינע הערען—האט ער מיט קינדערשער פרייד אויסגערופען.—איזט דאס דער מאעסטרא?—

דוד רהלעס איז געשטאנען אנגעבויגען ביי דער טיהר און האט מורא געהאט א טרעט צוטהון ווייטער. אין די הענט האט ער נערוועז געקנייטשט זיין ווייכע הוט. ער האט זיך אפילו דעם גאנצען וועג געהזר'ט ווי אזוי צו בעגעגענען דעם גרויסען הער. איז אבער די בעגעגענעס אנדערש אויסגעקומען ווי ער האט זיך פאר־געשטעלט, און דאס האט איהם אינגאנצען צוטומעלט. זיין לאנגע, דאר'ע פיגור האט זיך נור גענייגט און געשאקעלט, און זיינע ליפען

האָבען שטיל איסגערעט. — גוט נאָבענד, גוט נאָבענד. —

סעמי האָט זיך בעהאַלטען אונטער'ן פּאָטער און האָט איך געשטאַמעלט.

— קום אוועק, קום אוועק...

אויף אַ מינוט האָט זיך דער מייסטער אויך פערלוירען. ער האָט ניט געוואוסט וואָס צוטהון מיט זיינע שעמעדיגע געסט.

— קאָם יאַ, קליינער, קאָם קנאַבע. פירכטע ניכטס... עס ווירד דיר ניכטס געשעהען—האָט ער סעמי'ן איינגעלאָדען מיט אַ זיס שמייכעל און האָט דעַרלאַנגט דעם אַלטען אַ שטוהל. דוד האָט זיך אָבער ניט געזעצט. עס האָט ניט געפּאַסט צו זיטצען פאַר אַזאַ גרויסען מאַן. און ער האָט געפּרובט העלפען דעם מייסטער אַרויסנאַרען סעמי'ן פון זיין בעהעלטעניש.

— געה, נאַר, געה—האָט ער שטיל גע'טענה'ט צו סעמין און האָט זיך געוואָלט אומדרייען צו איהם. סעמי האָט זיך מיט איהם אַ דריי געטהון און איז אַלץ געבליבען בעהאַלטען פון הינטען. פון דאָרט—פון זיין בעהעלטעניש האָט ער נור געוואָרפען דערשראָקענע בליקען דאָ אויף דעם מייסטער, דאָ אויף דער דאַמע, וועלכע האָט אויף די געסט פריינדליך געקוקט.

פאָן פירסט האָט געפּרובט אַנ'אַנדער וועג.

— קענסט דו שפּילען? האָט ער געפרעגט און האָט אָנגעוויזען אויף אַ פידעל, וואָס איז געלעגען אויף דער פיאַנאָ. — קענסט דו שפּילען ווי איך קאַן? — סעמי האָט גיך אַ שאָקעל געטהון מיט דעם קאָפּ „ניין" און האָט זיך ווידער בעהאַלטען אונטער דעם פּאָטער.

— דאָס זאָלטע דער יונגע זיין דען איך געסטערען געהערט האַבע—האָט דער מייסטער שטיל געזאָגט צו דער דאַמע. עפּעס

האָט ער איהר נאָר געזאָגט אין אַנ'אַנדער שפּראַך און זי האָט זיך אומגעדרייט צו די קלאַווישען פון דער פּיאַנאָ. דער מייסטער האָט גענומען דעם פידעל. ער האָט אָנגעצויגען זיינע סטרונעס און האָט געשפּילט די בעקאַנטע מעלאָדיע. ער האָט געשפּילט וויניאַווסקיס „לעגענדע“. זי האָט אַקקאָמפּאַנירט.

סעמי האָט זיך צוגעהערט. פּאַמעלעך האָט ער אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ... פּאַמעלעך, מיט מורא, ווי פון אונטער אַ פאָרהאַנג האָט ער זיך צוגעהערט און איז ביסלעכווייז פאַרכּשופ'ט געוואָרען פון דעם שפּילען. ביסלעכווייז איז ער אַרויס פון זיין בעהעלטעניש, נאָכגעפאָלגט מיט זיינע שטומפּפּע אויגען די בעצויבערנדע בעוועגונגען פון דעם ווירטואָז. שפּעטער האָט סעמי, אונבעמערקט, פאַר זיך, שטיל צוגעקלאַפּט מיט דעם פוס צום טאַקט פון דעם שפּילען, און דער בלישצענדיגער פלאַקער, וואָס האָט פון צייט צו צייט אויפגעפלאַמט אין זיינע אויגען, די אָפּטע צוקונגען פון זיין שלעפעריג פּנים האָבען אָנגעוויזען, אַז עס וואַכט אויף אַ קראַפט, אַ גרויסע, אַ מעכטיגע קראַפט—צו גרויס און צו מעכטיג ער זאָל זי קענען בעהערשען.

— קענסטו שפּילען ווי איך קען? — האָבען איהם דעם מייסטערס ווערטער געקלונגען אין די אויערין.

— אָה ווען ער וואָלט שוין געוועזען אַ גרויסער—וואָלט ער שוין געקענט—און איהם האָט זיך פלוצלונג פאַרוואָלט צו ווערען אַ גרויסער... אַ מאַן... אַזוי גרויס ווי דער מייסטער. און איהם האָט זיך פאַרגלוסט צו שפּילען. דער מייסטער האָט עס בעמערקט און ער האָט פאַרשטאַנען דעם אינערליכען באַגעהר פון דער קינדערשער נשמה. ער האָט פאַרשטאַנען זיין וואונש... און ער האָט געענדיגט.

דעמאָלט האָט סעמי געשפּילט. מען האָט געקענט אין זיין פּנים דערקענען וואָס עס האָט זיך אָבגעשפּילט אין זיין נשמה. זיינע אויגען זענען ניט מעהר געווען די שטומפּפיגע, טונקעלע אויגען וואָס זיי זענען פריהער געווען. זיי זענען איצט געווען די לעבעדיגע, פלאַמענדיגע אויגען פון דוד רחלעס. אין דער קינדערשער נשמה האָט דער אויפגעוואַכטער קינסטלער בייגעקומען די מורא.

אין ער האָט געשפּילט וויניאַווסקעס „לעגענדע" וואונדערליך, געטליך. ווידער האָבען די לאַנגע, וויינענדיגע אַקקאָרדען געמאָלען פאַר דעם מייסטערס אויגען לעגענדאַרישע בילדער פון מענשליכע ליידען און מענשליכען מאַרטירטהום און ווידער, ווי נעכטען אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, האָט זיך דעם מייסטער אויסגעוויזען, אַז טיעף, ערגעץ וואו אונטער די אַקקאָרדען פון וויה-געשרייען און שמערצען הערט זיך אַן אויפבּרויזענדער רוף—אַ שוואַכינקער פון אָנהויב, אַ ציטערענדיגער, אָבער וואָס ווייטער הויבט ער זיך העכער און העכער אויף אין קראַפט און ברייטקייט... און שוועבט ביזן הימעל—און טראָגט אין זיך אַ גרויסע, אַ גליהענדיגע האָפענונג אויף גליק און אויף לעבען פאַר מענשען. און דער מייסטער האָט פאַרשטאַנען די אמת'ע בעדייטונג פון דער „לעגענדע". ברייטער ווי ער האָט געדאַכט האָבען זיך אויסגעשפּרייט די גרויסע, טיפע האַרמאָניען איהרע. ער האָט תמיד געוואוסט, אַז די וויינענדיגע אין הערצליכע טענער פון דער „לעגענדע" זענען די טיפע, פאַרוויהטיגטע נשמה-געשרייען פון איהר בעשעפער—אַ קינד פון דעם גלות אַליין. איצט אָבער, ווען די וועה-געשרייען זענען אונבעוואוסטערהייד דורכגעגאַנגען דורך דער וואונדער נשמה פון אָט דעם קינד פון דער געטאָה, האָבען זיי ניט

נור פאַנאַנדערגעטראָגען די אונענדליכע וועה-געשרייען, וואָס די קינדערשע נשמה האָט בירושה איבערגענומען פון דור דורות, נור זיי האָבען נאָך געשיינט צו פעראייניגען אין זיך אָנצעהליגע טע־נער, וואָס האָבען זיך ווי אין אַ נעבעל געוויגט און געקלונגען מיט אַ ליכטיגער האָפענונג אויף גליק און אויף לעבען פאַר די פאַרוואָגעלטע. און דער מייסטער האָט פאַרשטאַנען די „לעגענדע“. און דאָס קינד האָט ווייטער געשפּילט.

דער מייסטער איז געזעסען פאַרטראַכט. דעם קאָפּ האָט ער אָנגעשפּאַרט אויף זיין האַנט און האָט געקוקט, פאַרוואונדערט גע־קוקט אויף די בעוועגונגען פון דעם קינד.

— אַ וואונדער־קינד—האָט ער געטראַכט.

און סעמי האָט געשפּילט. ער האָט אַלעמען פאַרגעסען, זיין וואונדערבאַרע האַנט האָט ווייך און עלאַסטיש געפירט דעם בויגען איבער די טאַנצענדיגע סטרונעס. און זיי האָבען געזונגען, געזיפצט און געלאַכט; געזונגען גן־עדן געזאַנגען. און די טענער האָבען געשוועבט און צעשפּרייט זיך אין דער ציטערענדיגער לופט, און האָבען פאַרטרונקען די נשמה אין אַ ים פון געפיהלען. זיי האָבען אַראָבגעקלונגען אין די טיפסטע ווינקעלעך פון איהר און האָבען אַ מאָל געבראַכט וואַרעמע טרערען אין די אויגען און אַניאַנדערס מאָל טאַנצענדיגע פרייד אין האַרצען. און סעמי האָט געשפּילט. ער האָט ניט געקוקט אויף זיין פידעל, ער האָט ניט געזעהען די מענשען אין צימער. אין אַ פונקט—ערגעץ ווייט אין דעם רוים—האָט ער זיין מוטער געזעהען. די טייערע אַלטע מו־טער. און נעבען איהר דאָס מלאכים׳שע קליינע פּנים׳ל פון זיין שטילער פריינדין. זי איז געזעסען אויף די שטיינערנע טרעפּ. או. האָט זיך צוגעהערט צו זיין שפּילען. און ער האָט זיך ענטציקט

געטראָגען אין קינסטלערישער התלהבות אין יעדער בעוועגונג פון זיינע פינגער, אין יעדער בעוועגונג פון זיינע הענט. עס האָט זיך געדוכט, אַזוי ווי זיינע בעוועגונגען וואָלטען צעוואָרפען כוואַליעס פון וואונדער-אַקקאָרדען, וועלכע זענען געוועזען דער אויסדרוק פון זיין נשמה, פון זיינע קינדערשע וואונשען און בעגעהרען. און די אַקקאָרדען האָבען זיך כוואַליעס-וויוז געטראָגען אין דער הויך, זיי זענען געפלויגען און געצויגען זיך אַרויף צו אונבעקאַנטע ספערען, וואו זיי האָבען זיך פערוואַנדעלט אין אַ רעגען פון וואונדער-קלאַנגען, וואָס האָבען אין אַ הימעלשער שפּראַך געשושקעט איהם זייער הייליגע ברכה און האָבען איהם צוגעזאָגט, אַז זיין בעגעהר וועט דערפילט ווערען. — און ער האָט געגאַרט נאָך איין זאַך נור — צו זיין אַ גרויסער.

אין זיין שפּילען, אין זיין וואונדערליכער קונסט איז ער געוועזען אַ גרויסער... ער איז געווען אַ גרויסער קינסטלער.

און דער מייסטער האָט איהם מיט אויפגעהאַלטענעם אָטעם געהערט. די דאַמע האָט איהם געהערט און בעוואונדערט. דוד רחלעס איז געשטאַנען ביי דער טיהר, אויף דער שוועל, זיין גאַנצער קערפּער אייסגעצויגען פאָראויס, די קנייטשען פון זיין פּנים צעצויגען פון דער גרויסער פרייד, וואָס האָט געשטראַהלט אין עס. זיינע אויגען זענען געווען ווייט אָפען, פלאַמענדיג מיט פרייד. ער איז געשטאַנען און זיין איינגעדאַרטע ברוסט האָט זיך געהויבען אַרויף און אַראָב מיט דער קראַפט פון שטורמישע געפיהלען; און זיינע ליפּען האָבען קוים-קוים געשאָקעלט זיך און געמורמעלט.

— ער האָט אַ טאַלאַנט... ער האָט א טאַלאַנט...

און דאָס קינד האָט געענדיגט. די דאַמע איז צוגעלאָפען צו

איהם, האָט זיך געשטעלט אויף די קני נעבען איהם און האָט אָנגעכאַפּט זיינע הענט, וואָס האָבען נאָך דעם פידעל און בויגען געהאַלטען און האָט איהם מיט פרייד נעקושט...

— וואונדערפאָל, וואונדערפאָל—האָט זי געשריגען און האָט איהם געקוקט אין פנים אַריין, דער מייסטער איז נאָך געזעסען ווי פאַרשטיינערט אין זיינע טיפע אַיינדריקען. ענדליך איז אויך ער אויפגעשטאַנען און איז געגאַנגען צו דוד רחלעס.

— אַלטער—האָט ער געזאָגט מיט אַ קלאָהרער שטימע און יעדער וואָרט האָט געקלונגען הילכיג און שאַרף.

— אַלטער, דו האָבסט אַיין וואונדער פערעל אין דיינער קראָהנע!...

דוד רחלעס האָט געציטערט און געוויינט פאַר פרייד.

— יאַ, האָט דער לייפציגער מייסטער וויטער געזאָגט— לאָס איהם מיט מיר נאָך אייראָפּאַ פאָהרען; לאָס איהם דער גראָ-סער מייסטער זיינער קונסט ווערדען.

— קיין יאָראָפּ?—האָט דוד רחעלעס אויסגערופען דערשראָ-קען—גאָט, ניט דאָ?...

— ניין, ניכט דאַ.—האָט דער מייסטער איראָניש גע-שמייכעלט--דאַ האַבט איהר יאַ קיינע לעהרער פיר איהם.—דוד רחלעס האָט טרויעריג געשאָקעלט מיט דעם קאָפּ. ער האָט גע-וואוסט, אַז עס איז אַנ'אָמת, ווייל דער גוטער אַלטער לעהרער סעמי'ס, וואָס האָט מיט איהם פון קינד-וויים-אָן געלערענט און האָט אונבעוואוסט פאַר דער וועלט ביסלעכווייז איבערגעגעבען איהם די צעפליקטע ברעקלעך פון זיין אייגענער נשמה, פון זיין אייגענעם פאַרלוירענעם טאַלאַנט; יענער גוטער מענש, וועלכער האָט יאָהרען-לאַנג ווי פון אַ געטליכער ליים סעמי'ס קינסטלערישע

נשמה אויסגעקנאָטען—ער האָט שוין לאַנג געזאָגט, אַז דאָ זענען ניטאָ קיין לעהרער פאַר איהם. דוד רחלעס האָט געוואוסט, אַז עס איז אַנ׳אמת.

— אָבער, מיין הער, קיין יאָראָפּ, ווי קען איך? איך בין אַנ׳אָרימאַן. — האָט דוד רחעלעס פאַרזאָרגט קוים אויסגערעט. און האָט געפילט אַ שרעקליכען ווייהטאָג אין האַרצען. איהם האָט זיך שוין אויסגעדוכט, אַז ווייעדער ווערען זיינע האָפענונגען צעשלאָגען אויף שטיקער.

— אָה, דאַפיר זאָרג ניכט, אַלטער. ער ברויכט קיין געלט. לאַס איהם מיט מיר געהען. איך ווערדע איהם פערזאָרגען... ער ווירד דיר נאָך געלט ברייננגען... אָה, יאַ... וואַרט אַמאַל—האָט דער מייסטער געטרייסט דוד רחעלעס, — יאַ, יאַ... אַלטער, די וועלט פערשטעהט דאָך, מאַנכעס מאַל, די גאַבען דער געטער צו שעטצען... האָט ער געשפּאַסט און האָט אין זינען געהאַט זיין ערפאָלגרייכען טור אין אַמעריקאַ.

— פירכטען זי ניכט—האָט די דאַמע געזאָגט צו דוד׳ן און האָט צערטליך געקושט דאָס קינד.

— איך ווערדע פיר איהם זאָרגען. ווירסט דו מיך ניכט ליעבען? — האָט זי סעמען קינדערש־נאַאיוו געפרעגט. סעמי׳ס אויגען האָבען שוין ווידער אויסגעזעהען שטומפּפיג... מאַט... און ווידער האָבען די שטריכען פון זיין פּנים אויסגעדריקט שרעק... עפּעס האָט ער אַ שאָקעל געטהון מיט׳ן קאָפּ, אַבער קיינער וואָלט ניט געקענט זאָגען, צו האָט ער געמיינט יאָ צו ניין...

— איבערלייגע דיר די זאַכע, אַלטער, און לאַס מיך ווי־סען. — האָט דער מייסטער געזאָגט—אָבער געדיינקע דאָך, פאָן דעם הייננט יאַ אַלעס אַב... זיין גליק... זיין טאַלענט... האָט

דער מייסטער צוגעריינגט און האָט זיך געזעגענט מיט זיינע געסט.

— פאַר זיין גליק... פאַר זיין טאַלאַנט—האָט דוד רחלעס צעמישט געשטאַמעלט און האָט געשאָקעלט טרויעריג מיט דעם קאָפּ—גאָט... וואָס וואָלט איך ניט געטהון פאַר זיין טאַלאַנט... וואָס טוהט ניט אַ טאטע פאַר זיינע קינדער... און אין זיין ברוסט האָט ער געפילט עפּעס אַזוי מאָדנע שווער און אַזוי מאָדנע גרינג. עפּעס האָט זיך אין זיין נשמה געראַנגעלט... עפּעס האָט איהם גליקליך געמאַכט און עפּעס האָט פאַרשטערט זיין גליק...

* * *

אינדערהיים האָט די פאַמיליע געוואַרט. אַלע האָבען גע־וואָלט הערען די נייעס. וואָס וועט זאָגען „דער פּראָפעסאָר". דער אַלטערים האַרץ האָט איהר עפּעס געזאָגט ניט צו גוטען. עס האָט געטיאָכקעס, אַזוי ליאַרעמדיג געקלאַפּט...

— דער טאַלאַנט, דער טאַלאַנט—האָט זי אַזוי אָפּט גע־הערט—קיין גוטס וועט מסתמא ניט אַרויסקומען פון דעם טאַ־לאַנט—האָט זי געטראַכט.

ווען דוד איז אַריינגעקומען אין הויז האָט מען געזעהען, אַז ער איז גליקליך. ער האָט ניט געקענט בעהאַלטען זיין גרוי־סע פרייד.

— נו, נו, וואָס הערט זיך—האָבען אַלע געוואָלט וויסען.

— מיר זענען גליקליך... מיר זענען גליקליך... האָט דוד רחלעס מיט פרייד געענטפערט.

— וואָס הייסט? וואָס איז? וואָס זאָגט ער?—האָט יע־דער בעזונדער געפרעגט.

— וואָס זאָל ער זאָגען ? וואָס זאָל עס הייסען ?.. ס'הייסט, אז איך שיק איהם קיין יאָראָפּ. — האָט ער פעסט געזאָגט.

— קיין יאָראָפּ ? קיין יאָראָפּ גאָר ?—האָבען זיך אַלע פאַר־וואונדערט.

— וועה איז מיר געשעהען! אַהיים גאָר! קיין רוסלאַנד... דוד, וואָס רעדסטו ? דאָס קינד אַליין, אַהיים ? האָט די אַלטע ניט פאַרשטאַנען.

— קיין יאָראָפּ, זאָג איך, ניט אַהיים. קיין דייטשלאַנד שיק איך איהם, מיט'ן פּראָפעסאָר, פֿאַרשטייסט ? — האָט ער איהר ענטשלאָסען געענטפערט.

— גאָטעניו, גרויסער גאָט! — האָט די אַלטע אויסגעבראָ־כען אין אַ געוויין—ווייה איז מיר, ווייה איז מיר... דוד, דו ווערסט זיין זיין מלאך־המות—האָט זי די הענט געבראָכען און האָט גע־קלאָגט. און איהרע אויגען, די גרויסע שטאַרצענדיגע אויגען, שטומפּפיגע און אויסדריקסלאָזע ווי סעמי'ס, האָבען געפלאָסען מיט טרערען.

דוד רחלעס האָט אויף איהר נור אַ בייזען קוק געטהון. ווער האָט זי דען געפרעגט ?

— וואָס ווייסט אַ אידענע אין אַזעלכע זאַכען ? פלעגט דוד זאָגען, און ביי זיך אינדערהיים איז דאָך דוד רחלעס געווען דער בעל־הבית... דער טאַטע... דער האר, וועמען אַלע דארפען הערען און פאָלגען...

און דאָס קינד, דאָס וואונדער קינד איז געפאָהרען קיין אייראָפּאַ.

* * *

דעם פריהמאָרגען, ווען סעמי האָט געדאַרפֿט אַוועקפאָהרען, איז אַ קאַרעטע צוגעפאָהרען צו דוד רחלעס שאַפּ און האָט פאַרנו-מען דאָס גאַנצע געזינט'ל צו דער שיף. אין אַ שעה אַרום האָט זיך שוין די גאַנצע פֿאַמיליע געזעגענט מיט סעמי'ן אויף דעם דעק פון דעם ערשטען קלאַס פאַסאַזשירען. אַלע האָבען געוויינט. דער איינציגער פון דער פאַמיליע, וואָס האָט איינגעהאַלטען זיינע טרע-רען איז געווען דוד רחלעס אַליין. איהם האָט נור פאַרקלעמט דאָס האַרץ ... עס איז איהם עפּעס געווען קאַלעמוטנע אויף דער נשמה, אָבער ... ער האָט ניט נאָכגעגעבען ... ער האָט געפּרובט פאַרנעהמען זיינע געדאַנקען ... און האָט געטראַכט פון דער צו-קונפֿט. ער האָט זיך געפּרובט פאָרשטעלען די צייט, ווען זיין זוהן וועט זיך אומקעהרען דער גרויסער מייסטער—דער טייערער פּע-רעל פון זיין קרוין.

— דעמאָלט וועט דאָס זיין אַ פרייד, אַ שמחה! — האָט ער זיך געפּרובט בעגייסטערען.

— און וויפיעל געלט וועט ער ברייגגען?... אָבער וואָס איז געלט?..

די פריינד און די בעקאַנטע פון די פאַסאַזשירען זענען שוין לאַנג אַראָבגעגאַנגען פון דעם ברייטען, הילצערנעם בריק, וואָס איז געווען איבערגעלייגט פון דער שיף צו'ם האַפען. נור סעמי'ס אַל-טע מוטער איז נאָך געשטאַנען אויף דעם דעק און האָט בעגאָסען איהר קינד מיט הייסע טרערען. זי האָט זיך ניט געשעמט פאַר די נייגעריגע פאַסאַזשירען, וועלכע האָבען זיך צונויפגעקליבען אַרום

זיי. זי האָט איהם געהאַלטען אין איהרע דאַרע אָרעמס, האָט גע-
וויינט אויף'ן קול און האָט איהם געהאַלזט און געקושט.

— קינד מיינס, טייער'ס—האָט זי געקלאָגט—ווער ווייסט
צו וועל איך נאָך דערלעבען דיך צו זעהען.—ער האָט זי אויך
מיט זיינע הענט אַרומגענומען און האָט זי געהאַלזט און געקושט.
פריהער, אין די עטליכע טעג, וואָס ער האָט זיך צוגעגרייט צו'ם
פאָהרען, האָט דאָס פאָהרען ביי איהם אַרויסגערופען אַ דערהויבע-
נעם געפיהל פון נייגעריגקייט. — פאָהרען אויפ'ן ים, מיט אַ שיף...
עפּעס האָט זיך איהם געדוכט, דאָס עס דאַרף זיין אַזוי גוט...
אָבער איצט, אין דער מוטערס אַרעמס... האָט איהם דאָס פאָהרען
געשראָקען... ער האָט מורא געהאַט, און אַ געפיהל פון חרטה
האָט איהם געמאַטערט און געפלאָגט. די שיף האָט שוין צום צווייי-
טען מאָהל געפייפט איהר אַבשיידס-סיגנאַל, אָבער די אַלטע האָט
איהר קינד ניט אָבגעלאָזען. איהר האַרץ האָט זיך אין שטיקער
געריסען, און אינווייניג אין דער ברוסט האָט עפּעס ווי געטריפט
דאָס בלוט. איהרע פיס האָבען זיך אונטערגעהאַקט, און ווען מען
האָט זי מיט געוואַלד אָבגעריסען פון איהם און אַרונטער געפיהרט
איבער'ן בריק צו'ם האַפען איז זי שיער צו דער ערד ניט געפאַ-
לען. אבער, „אַ אידענע דאַרף זיך ניט אַריינמישען אין אַזעלכע
זאַכען", האט געזאגט איהר האַר, איהר מאַן, דוד רהלעס. און
זיין ווארט איז ביי איהר—דער אַלט-מאדישער אידישער פרוי—גע-
ווען אַ געבאט. און זי האט איבערגעלאזט איהר קינד, איהר טייי-
ערען זוהן „אויף דעם חסד פון גאט"... און דעם יושר פון די
כוואַליעס פון דעם ים... און האט געקלאגט, יאמערליך געקלאגט.

דעם שווערען הילצערנעם בריק האט מען שוין אויפגעהויבען.
עטליכע שטאַרקע מאַטראסען מיט גרויסע פאַרהאַרטעוועטע הענט

האָבען עס פון דעם האַפען געצייגען אויף זיינע אַייזערנע קייטען אַרויף אויף דער שיף. מיט זייערע דיקע הייזעריגע שטימען האבען זיי אנגעפיהלט דעם האַפען.

— הי—הו—הו—אָ האט געהילכט מיט יעדען ריהר, — הי—הו—הו—אָ... האָבען זיי געשריגען מיט יעדען שלעפ אַרויף... און דער הילצערנער בריק האָט זיך מעהר און מעהר אָבגעטיילט פון דעם האַפען, מעהר און מעהר פאַרשוואונדען איז ער אויף דער שיף... רעשיג און טומעלדיג איז געוואָרען אויפ'ן דעק און אויפ'ן האַפען. די פריינד אויף דעם האַפען האָבען זיך געזעגענט מיט די פאַסאַזשירען אויף דעם דעק, און יענע האָבען זיך געשטופט און געשפאַרט צו די אַייזערנע גראַטעס פון דעם באָרט.

— לעבט וואָהל—האָבען די פאַסאַזשירען גערופען און געמאַכט מיט די הענט, מיט די היט און טיכלעך—לעבט וואָהל.

— אַ גליקליכע רייזע—האָבען די פריינד זיי געוואונשען— און טיכלעך האָבען געפלאַטערט ווי פאָהנען און הוטען האָבען געוויהט מיט פריינדליכע גערישען.

— לעבט וואָהל, לעבט וואָהל...

— אַ גליקליכע רייזע, אַ גליקליכע רייזע—האָבען זיך פערשידענע קולות אין פערשידענע שפראַכען געהערט. און פריינד האָבען צו זייערע ליעבע הילכיגע לופט־קושען געשיקט. ווען־ניט־ווען האָט זיך אַ שטילער כליפען געהערט. אויף דעם האַפען האָבען פריינד לוסטיג געזונגען צו זייערע טייערע אַ מונטער זיי־געזונד־ליעד. דוד רהלעם האָט געקוקט פון דעם האַפען אויף די פאַסאַזשירען, אויף דעם לייפציגער מייסטער און אויף זיין אייגען קינד. און ער האָט געפיהלט, איצט האָט ער דערפיהלט... אַז זיינע חלומות הייבען זיך אָן צו פערווירקליכען. דער גרויסער

דאַמפּפער—דער לויתן—האָט אויף זיין משונה=ווילדען הייזעריגען דאַמפּף=קיל אויסגעשריגען זיין לאַנגען לעצטען זיי=געזונד . די מענ=שען אויף דעם האָבען האַפען זיך אַ לאָז געטהון לויפען צום עק פון דעם האַפען , וואָס האָט אַרויסגעקוקט אויף דעם אָפענעם ים . דאָרט האָבען זיי געוואָלט כאַפען דעם לעצטען קוק אויף זייערע ליעבע , שיקען זיי נאָך אַמאָל א לופט=קיש און אַ גערוס פון דעם ברעג ... און זעהען ווי די גרויסע , שטאַרקע , טונקעל=גרינע כוואַ= ליעס פון דעם אָקעאַן וועלען אַרויסטראָגען אויף זייערע גליטשיגע פלייצעס די גרויסע מאַכינע און שפּילען זיך מיט איהר ווי מיט אַ שפּילבעל ... זיי האָבען געוואָלט , אַז זייער האַרץ זאָל אַ ציטער טהון פאַר זייערע טייערע . און זיי זענען געלאָפען צום עק=האַפען ... אַלע ... אפילו די אַלטע , סעמי'ם מוטער אויך ...

דוד רחלעס איז געבליבען אַליין . ער האָט נאָך אַלץ גע= קוקט אויף דער גרויסער שיף אין האָט פון עפּעס גע'חלומ'ט ...

פּלוצלונג , האָט זיך די גרויסע מאַכיניע אַוועג געטהון ... אַ שאָקעל געטהון ... אַ ריהר געטהון ... אָבגעגאַנגען ... פאַר זיינע אויגען האָט עפּעס אַ בליטץ געטהון , אינוויינג האָט זיך עפּעס אָבגעריסען ... אַ שוואַרצער באַרג האָט זיך פאַר די אויגען געוואַ= קעלט און דוד רחלעס האָט זיך ווי אַ שכּור געשאָקעלט ... איהם איז געווען פינסטער אין די אויגען און אַלעס האָט זיך געדרייט ... ער איז בלייך געוואָרען ווי דער טויט , און איהם האָט זיך געדוכט אָט=אָט וועט ער אומפאַלען . ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט פאַר עפּעס זיך אָנכאַפּען ... האָט אָבער נור די , לופט אין דער האַנט דערטאַפּט . ער איז ניט געפאַלען . ער האָט זיך געשאָקעלט אַ ווײַלע און האָט דעם וועג ניט געזעהען .

די מענשען , דאָרט אויף דעם ברעג פון דעם האַפען , האָ=

בען געשריגען און געליאַרעמט, געוויינט מיט די טיכלעך, געזע-
געגט זיך און געזונגען מונטערע געזאַנגען.

— אַ גליקליכען וועג... אַ גליקליכע רייזע...

— לעבט וואָהל, לעבט וואָהל...

— דוד רחלעס האָט ניט געוואַגט זיך אומדרייען און אַ קוק
טהון אַהין. פאַמעלעך האָט ער זיך געווענדעט צוריק און ווי
אַ שכור האָט ער אין דער טונקעלהייט פאַר זיינע אויגען געזוכט
דעם וועג—אַוועקצוגעהען...

## VI.

דריי וואָכען שפּעטער איז געקומען אַ בריעף פון סעמי'ן.
און ער האָט געשריבען:

— טאַטע, טייערער טאַטע, איך האָב אַ טאַלאַנט, אַ גרוי-
סען טאַלאַנט, אַלע זאָגען דאָ, אַז איך האָב אַ גרויסען טאַלאַנט.

אָבער דוד רחלעס האָט דעם בריעף ניט געלעזען. ער
האָט איהם ניט געקענט לעזען. ער האָט אפילו ניט געקענט
הערען די ליבע, זיסע ווערטער... ער האָט שוין ניט גע'חלום'ט
און ניט געבייגקט נאָך דער גרויסער צוקונפט פון זיין קינד... ער
איז שוין ניט געווען. פון אַ האַרץ-פעהלער, צו פון אַ פערקילונג—
דאָס האָבען די דאָקטוירים ניט בעשטימט, אָבער פון יענעם פריה-
מאָרגען אָן איז ער שוין קיינמאָהל צו זיך ניט געקומען.

ער איז שוין ניט געווען... און האָט איבערגעלאָזען דעם
טייערען פערעל פון זיין קרוין—זיין וואונדער-קינד—אַ גרויסע
ירושה פאַר דער געטאָה...

# אָהן אַ נָאמֶען

זי איז געזעסען אויף דער שטיינערנער שוועל פון אַ גרויסער קלייט, אָנגעשפּאַרט אָן דער הילצערנער ראַם פון דער טיהר. עס איז געוועזן אַ פֿאַרטאָג פון אַ קאַלטען, פראָסטיגען פריהמאָרגען. איהר קליינער איינגעהויקערטער קערפּער האָט געפראָהרען און געציטערט פון קעלט!...

ער האָט זי באַמערקט, ווען ער איז זיך לאַנגזאַם געגאַנגען אויף דעם טראָטואַר פון דער שטילער גאַס, וואו אַלעס האָט נאָך פעסט געשלאָפען. דאָס ליכט פון אַ גאַסען־לאָמפּ האָט זיך אָבגעשפּיגעלט אין דער גרויסער קאָלירנער פלאַש פון אַנ׳אַפּטייקערס פענסטער און פון דאָרט האָט עס געוואָרפען אַ שוואַכע בלאַסע שיין אויף איהר צונויפגעדרייטען גוף. עס איז געוועזן אַ טרויעריג, אַ שוידערליך בילד!

אויף אַ מינוט האָט איהם די פיגור פון אַ פרוי אָהן אַ הוט און אָהן אַ מאַנטעל עפּעס אַזוי וויא צוגעשמידט צום אָרט און ער האָט זיך אָבגעשטעלט. געקוקט אויף איהר פאַרוואונדערט. זי האָט אויפגעהויבען איהרע אויגען פון אונטער איהרע ברעמען און

האָט גנבֿיש געקוקט אויף איהם, בעהאַלטענדיג דאָס מאָרדעלע פון איהר קינדערש פנים אין איהרע אויפגעשטעלטע, צונויפגעבויגענע קניען וועלכע זי האָט פעסטער און פעסטער געדריקט צו איהר קערפּער און... האָט געציטערט פֿאַר קעלט!...

די גאַס, די גרויסע רעשיגע גאַס פון הענדלער און טענדלער. אויף דער איסט סייד *) האָט אויסגעזעהען וויא פאַרוויגט אין דער שטילקייט — איינגעהילט אין דער פינסטערניש פון דער קאַלטער נאָוועמבער־נאַכט. די הייזער פון דער גאַס, איהרע קליימען, איהרע לעבעדיגע קאָפּע־הייזער, אפילו די סטאַנציע פון דעם גאַסען־אײַזענבאַהן אויף דער עק גאַס זיינען געווען פאַרזונקען אין אַ וואונדערבאַרען מאָמענט פון רוהע און שטילקייט. אַמאָל נור, זעלטען ווען, האָט זיך די שטילקייט איבערגעריסען פון דעם זידיגען און קרעכצענדיגען אָטהעם פון אַ לייפענדיגען מאָנסטער — פון אַנ׳אײַזענבאַהן — וואָס האָט זיך אין זיין פייער און דאַמפּף מיסיאָן היילענדיג געטראָגען צו — און פון־דער סטאַנציע.

און ער איז געשטאַנען אין דער רוהיגער שטילקייט פון דעם פריהמאָרגען ביז אין דעם טיפסטען ווינקעלע פון זיין נשמה גערירט.

— אַנ׳אונגליקליכע, אַ פאַרלאָזען קינד. — איז דורכגעפלויגען אין זיינע געדאַנקען.

— פאַר וואָס געהסטו ניט אַ היים שלאָפען? — האָט ער עפּעס ניט ווילענדיג געפרעגט און איז צוגעגאַנגען צו דעם קליינעם בעשעפעניש וואָס איז אַזוי איינגעשרומפּען און צונויפגעקאָרטשעט געזעסען אויף דער שוועל.

---

*) די טהייל שטאָט פון דער אידישער געטאָה

זי האָט ניט געענטפערט. אָבער איהר קוק איז געווען אַזוי משונה׳דיג... עס האָט אויסגעזעהען אַזוי וויא זי וואָלט איהם אי געבעטען אי געשטראָפט. שטילערהייד האָט איהר קוק גערעדט צו איהם עפּעס ווערטער וועלכע ער האָט ניט פאַרשטאַנען.

ער איז צו איהר נעהענטער צוגעגאַנגען. ער האָט זיך איינגעבויגען איבער איהר און האָט זי נאָך אַמאָל געפרעגט.

— פאַר וואָס געהסטו ניט אַ היים, קינד? פאַר וואָס געהסטו ניט אַ היים שלאָפען? האָט ער פריינדליך אָנגעריהרט איהר שוואַכינקען אַקסעל. זי האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ פון איהרע צונויפגעפּרעסטע קניען, האָט איהם חוצפּה׳דיג פאַרבויגען אויף אַ זייט און האָט מיט אַ שאַרפען בליק איהם אָנגעקוקט. זיין קערפּער האָט אויף אַ רגע פאַרשטעלט דאָס ליכט וואָס איז אויף איהר געפאַלען, און אין דער טונקעלער שיין פון די פריהמאָרגענדיגע שטונדען האָט איהר קיילעכיג קליין פּנים׳על אויסגעזעהען בלוי, פאַרפראָרען... שרעקליך...

— איך האָב ניט קיין היים... איך האָב ניט וואו צו געהען. — האָט זי טרויעריג געמורמעלט און אַ הייזעריגע, וויינענדיגע נאָטע האָט געקלונגען אין איהר קינדערשען קול.

— מיין גאָט, האָסט ניט קיין היים? קיין היים האָסטו ניט?... האָט ער איבערגעיחזר׳ט און אַ קאַלטער ווינט האָט דורכגענומען זיין קערפּער און האָט איהם אויף אַ מינוט אַריינגעוואָרפען אין אַ שוידער. ער האָט געציטערט, דוכטזיך, אין אנקלאנג מיט איהר פאַרפראָרענעם קערפּער.

— אָט — האָט ער אויסגעשריען און האָט אויף גיך אַריינגעלייגט זיין האַנט אין טאַש. ער האָט אַרויסגעצויגען פון דאָרטען אַ זילבערנע מטבע. — נאַ, נעם... אָט דאָ באַלד קענסטו קרי-

געזן אַ ווארעם צימער און עס וועט דיר נאָך בלייבען געננג אויף מאָרגען אויף איבערבייסען . נו , נעם-זשע , קינד , נעם...

זי האָט איהם אָנגעקוקט . איהרע אויגען זיינען געוואָרען גרעסער . זיי האָבען געפלאַקערט מיט אַ ווילדען פייער וואָס האָט געפינקעלט אין דעם שטראַהל פון ליכט וואָס האָט זיך דורכגע־גנב'עט , ווען ער האָט איבערגעבימען זיין פלאַץ , זאָן האָט בעלויכ־טען איהר פאַרפראָרען פנים . זי האָט איהם אָנגעקוקט מיט אַ גדלות'דיגען , ברענענדיגען קוק — אין טראָטץ און פעראַכטונג האָבען זיך אָבגעשפיגעלט אין איהרע אויגען .

— פססס — האָט זי אויסגעשיפעט מיט איהרע ליפען מיט אַ מאָדנע חוצפה . — איך בין ניט קיין בעטלערקע , מיין הער , ניין , איך בין ניט ... האָט זי געזאָגט מיט אַ בימערער איראָניע און שטאָלצער פעראַכטונג אין איהרע געציילטע ווערטער . און האָט מיט איהר האַנט ענערגיש אָבגעשטויסען זיין האַנט מיט דער מטבע .

— ניין , קינד , — האָט ער געפרופט צו טרייסטען זי , — איך ווייס אַז דו ביסט ניט קיין בעטלערקע , אָבער דו מוזט זיך ערגעץ וואו דערוואַרעמען ; מוזט דאָך געהען שלאָפען אין אַ וואַרעם בעט , אַ ניט וועסטו נאָך חלילה ביז אין דערפריה דערפראָרען ווערען אין מיטען גאַס . קינד , נאַ , געה ... האָט ער זי פריינדליך און ערענסט געבעטען .

זי האָט ניט געענטפערט . נור אַ שטילער כמעט אונגעהער־טער הייזעריגער נעלעכטערעל האָט זיך ווי אַ וואַסערעל געגאָר־געלט אין איהר האַלז ... און זי האָט ווידער אַראָבגעלאָזען איהר קאָפּ און האָט בעהאַלטען איהר מאָרדעלע אין איהרע צוזאַמענגע־דריקטע קניען . פונקט ווי זי וואָלט זיך ווידער אומגעקערט צו

איהר כשוף'דיגען חלום פון גליקליכערע טעג און גלענצענדערע יאָהרען, וואָס דאָס לעבען האָט נאָך פאַר איהר אין דער צוקונפט געהאַט. און זי וואָלט זיך איצט געוואַרעמט ביי דעם פלאַם אין דער ליכטיגקייט פון יענע האָפענונגען... דעם חלום איהרען, וואָס ער האָט אַפּנים אומזיסט און אומנישט איהר איבערגעשלאָגען.

ער איז נאָך געשטאַנען אַ פּאָר מינוט נעבען דער משונה'דיגער קליינער בעשעפעניש און האָט איהר אַלץ פאָרגעשלאָגען זיין פריינדליכע הילף; אָבער זי האָט מעהר ניט געקוקט אויף איהם. זי האָט איהם, דוכטזיך, מעהר ניט געהערט.

און ער איז פאַרוואונדערט, לאַנגזאַם אוועקגעגאַנגען זיין וועג.

* * *

פאַרלאָרען אין זיינע געדאַנקען איז ער זיך לאַנגזאַם געגאַנגען. די מערקווירדיגע פּאַסירונג האָט אויפגעוועקט אין איהם פאַרשידענע אידעען. פון צייט צו צייט האָט זיך ביי איהם עפּעס ניט ווילענדיג אַרויסגעריסען אַנ'אויסגעשריי.

— די משונה'דיגע קליינע בעשעפעניש! די מערקווירדיגע קליינע בעשעפעניש! אָבער ווער איז זי — האָט ער געטראַכט — די פאַרלאָרענע, דאָס הילפלאָזע קינד? האָט זי עלטערען? איז זי אַ משוגענע, אָדער אפשר איז זי גאָר שכור, ווער ווייסט? זי האָט זיך אָבגעזאָגט צו נעמען נעהטיגע הילף. וואָס זאָל דאָס בעדייטען? און וואָס האָט געקענט בעדייטען איהר בעטענדיגער קוק אין איין סעקונדע, און איהרע חוצפה'דיגע אויגען מאַקי באַלד אין דער זעלבער מינוט? וואָס האָט בעדייט איהר גאַנץ בענעהמען זיך אזוי

מאָרנע, משונה׳דיג — האָט עס איהם ניט צו רוהע געלאזט. און וואָס ער האָט ניט איבערגעטראַכט — זי האָט ער דאָך ניט פאַר־שטאַנען. און ווי עס האָט זיך איהם ניט געוואָלט פריי ווערען פון די אַלע געדאַנקען. זיי האָבען זיך אָבער געקלעפּט, איין גע־דאַנק צום אַנדערען, ביי איהם אין קאָפּ, און האָבען איהם געמאַ־טערט וויא אַ רעטעניש... פּלוצלונג האָט ער דערהערט גרינגע אָבער גיכע טריט הינטער זיך.

די גרויסע רוהיגע גאַס האָט זיך אָנגעהויבען אויפכאַפּען פון איהר שלאָף און האָט זיך ביסלעכווייז אומגעקערט צו איהר רעש'י־גען לעבען. די ערשטע סימנים פון איהר לעבען — דאָס קלאַפּען און דער טומעל פון אַ מילך וואָגען, וואָס איז האַסטיג געפאָהרען איבער איהרע שטיינער, האָבען אָנגעפילט די גאַס מיט ליאַרעם אויף אַ פּאָר מינוט. אָבער ווען דער רויש איז שטילער געוואָרען, ביסלעכווייז, פּאַמעלעך פאַרשוואונדען — האָט ער ווידער געהערט די טריט, נאָהענט לעבען זיך. זיי זיינען נעהענטער און נעהענ־טער געקומען...

ער איז שוין געווען ביים עק גאַס לעבען דעם גרויסען עלעקטרישען לאָמפּ, ווען ער האָט דערהערט אַ שוואַכע, הייזעריגע שטימע — די שטימע פון יענעם זאָנדערבאַרען מיידעל. זי האָט גערופען שטילערהייד.

— מיסטער, מיסטער!... ער האָט זיך שנעל אומגעדרייט, און אין דעם גרויסען צירקעל פון ליכט וואָס איז געפאַלען פון דעם עלעקטרישען לאָמפּ, איז זי געשטאַנען לעבען איהם. זי איז ניט געווען קיין קינד, אָבער זי איז געווען אַזוי יונג, כמעט נאָך גאָר אַ קינד. זי איז ניט געווען שכּור — אה, ניין! זי איז געווען ניכטער, אָבער די טרויעריגע סימנים פון אַ שרעקליכער הוליאַנקע

האָבען געשטעמפּעלט די שיינע שטריכען פון איהר צאַרט פּנים'על מיט די עקעלהאַפטע צייכענס פון אַנ'אונגליקליכער... דאָרט, אין דער ליכט פון דער לאַמפּע איז זי געשטאַנען און... האָט געציטערט פאַר קעלט... צוויי בלוילּיכע פאַלבען פון הויט האָבען אונטערגעשטריכען איהרע ברענענדיגע אויגען, פון וועלכע עס האָט אַרויסגעשיינט די חוצפה'ד'גע, פאַרפיהרערישע לוסט פון אַ ברענענדיגע נשמה... איהר פּנים איז געוועזען בלאַס און בלוי, איהרע צעשויבערטע בלאָנדע האָר האָבען קוים בעדעקט איהר נאַקעטען האַלז. שרעקענדיג, גנב'יש האָט זי זיך אַווײלע אַרומגעקוקט אין גאַס, און נעהערענדיג זיך צו איהם האָט זי ווינקענדיג מיט אַ פּייער אין איהרע אויגען אָנגעוויזען אויף דעם ליכטיגען אַריינגאַנג פון אַ האָטעל דערביי.

— קום, האָט זי איהם געשושקעט.— קום מיט מיר. ס'איז וואַרעם דאָרט און... און ס'וועט זיין אַזוי גוט... אַזוי גוט... האָט זי געזאָגט אַלץ ווינקענדיג מיט איהרע לוסטפאָלע, ברענענדיגע אויגען, און האָט געציטערט פאַר קעלט. ער איז געשטאַנען ערשטוינט!

זיין שטוינען האָט זי פאַרשטאַנען, אַזוי וויא ער וואָלט זיך ניט געקענט ענטשליסען, און זי האָט גיך ווידער צוגעזעצט.

— קום, קום, מיין הער, עס וועט דיך ניט קאָסטען פיעל מעהר וויא דאָס, וואָס דו האָסט מיר געוואָלט געבען אומזיסט — האָט זי כמעט בעטענדיג געזאָגט. ער האָט זיך געפילט פאַרלאָרען אין די איבערגעוועהנליכע אומשטענדען. ער האָט פּשוט ניט געוואוסט וואס צו טהון און איז געשטאַנען פאַרטראַכט, קוקענדיג אויף דער אונגליקליכער. איהר האָט זיך אויסגעוויזען אַז זי האָט ניט גענוג געווירקט אויף איהם, צו בעוועגען איהם צו דעם וואָס

זי בעט איהם, און זי האָט ווייטער גערעט, אפנים צו געווינען זיין מיטלייד.

— איך האָב זיך נעכטען צעקריגט מיט מיין געליבטען און ער האָט מיך געשלאָגען און האָט מיך נאַקעט, ווי א דו זעהסט, אָהן אַ סענט, אַרויסגעטריבען פון מיין צימער... אָבער עס מאַכט ניט, מיסטער, עס מאַכט ניט אויס — האָט זיך שוין געהערט א שטאָלצקייט אין איהר קול — איך קען פאַרדינען, ווען איך בין שיין אָנגעטהון... און זעהע בעסער אויס... נישט-קשה... דער שופט וועט נאָך קומען צו מיר... נאָך געלט וועט ער קומען...; אָבער אַ מכה וועל איך איהם געבען — און זי האָט זיך ווירער גנב'יש אַרומגעקוקט.

— בררר... האָט זי אַציטער געטהון מיט'ן גאַנצען קערפּער — קום-זשע, קום, מיסטער, דער פּאָליסמאַן קען נאָך קאַליע מאַכען דאָס גאַנצע געשעפט... און אָה... עס איז אזוי קאַלט, צום טייפעל, עס איז אַזוי קאַלט... אַ קורצע ווײַלע נאָך האָט ער זי אַלץ ניט גוט פאַרשטאַנען. אָבער די קאָקעטע בעוועגונגען פון איהר קערפּער; איהרע לעבצענדיגע, פייעריגע בליקען האָבען צו קלאָהר געמאַכט איהר מיין... און ער האָט דערזעהען דעם שרעקליכען אמת... ער האָט זי פאַרשטאַנען.

ניט קיין צדקה האָט זי געוואָלט — געשעפט האָט זי געזוכט...

ער האָט מיט שרעק אָבגעטראָטען פון איהר און האָט ענטשלאָסען געזאָגט.

— ניין, ניין...

— ניין? — האָט זי פאַרוואונדערט איבערגעפרעגט, פונקט וויא זי האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט. — ניין? — און זי

האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן דעם פּאָסט פון דער עלעקטרישער לאמפּע און האָט מיט שמאָלץ צוגעזעצט. —

— ניין, איז ניין — אָבער קיין בעטלערקע בין איך ניט, מיין העֶר! — און איהר הייזעֶריג געלעכטערעל האָט זיך ווידער געגארגעלט אין איהר פּאַרפראָרענעם האַלז.

— איך בין ניט... איך בין ניט... האָט זי קאָקעטיש פאַרבויגען איהר קאָפּ אויף אַ זייט און איבערגע׳חזר׳ט די ווערטער, און האָט ווידער געציטערט פון קעלט...

* * *

אַ מינוט האָט עס אויסגעזעהען, איצט וויא פריהער, אַז זיי האָבען זיךביידע ניט פאַרשטאַנען. פריהער האָט ער זי ניט פאַרשטאַנען — איצט האָט זי איהם ניט פאַרשטאַנען. ביידע, דוכטזיך, האָבען גערעט איין שפּראַך און האָבען זיך דאָך ניט פאַרשטאַנען; ביידע האָבען געלעבט אויף איין גאַס און האָבען זיך געבוקט צו פאַרשיעדענע אָבגעטער!... און ער איז געשטאַנען אַ מינוט און האָט געקוקט אויף איהר — וויא זי האָט געקוקט אויף איהם — שטיל, אָהן ווערטער... דאַן איז ער זיך לאַנגזאַם אַוועק־געגאַנגען זיין וועג.

* * *

זי האָט זיך געפילט דערשלאָגען. אין איין סעקונדע זיינען אַלע איהרע האָפענונגען פאַרשוואונדען. זי האָט געציטערט און

האָט טרויעריג געקוקט אויף זיין לאַנגזאַם פאַרשווינדענדען ישאָ=
טען . . . דער בלאַסער טויט , דער טויט פון הונגער און קעלט
האָט אַריינגעקוקט אין איהרע פאַרוועלקטע אויגען , עס האָט זי
געשווידערט און עס האָט איהר געקלאַפּט אַ צאָהן אָן אַ צאָהן . . .

# אַ ווינקעל פון אונזער לעבען.

— זוהן מיינער, מזל טוב דיר... און מזל טוב אונז, גוטע פריינד, אַלע—האָט דער אַלטער עליע פלוצלונג צוגעוואונשען זיין זוהן איסאַקען און דעם אַרומיגען עולם אין צימער. דער רעש־יגער עולם איז אויגענבליקליך שטיל געוואָרען. די עלטערע מענשען אַרום טיש האָבען פאַרוואונדערט אויפגעהויבען זייערע אויגען אויף דעם אַלטען; די יונגערע, פאַרגליווערט אין פערשידענע פּאָזעס, האָבען איבערגעריסען זייער הויך ריידען. אפילו די גרופּפּע דאָרט אויף דער קושעטקע, וועלכע האָט זיך אַזוי פאַנטאַסטיש צעליינט, און האָט אונטערגעברומקעט אַ כאָהר־לידעל, איז פלוצלונג אַנשוויגען געוואָרען. אַלע האָבען געקוקט אויף דעם נידעריגען לעבעדיגען אַלטינקען מיט דער גרויער שפּיציגער באָרד, וועלכע ער האָט היינט ערשט, אַ פּנים, אַביסעלע אונטערגעשאָרען און צוגעפּוצט צוליעב דעם גרויסען יום־טוב.

אין שטוב איז שטיל געווען. איינינגע האָבען שטאַרק גע־רויכערט. צוויי, דריי גאַז-פלאַמען האָבען העל געפלאַקערט אין דער לופט, און וועלכער עס האָט זיך געטראָגען אַ דינער נעבעל

פון רויך, און צוויי גרויסע לאַמפּען האָבען בעלויכטען דעם בעדעק-
טען טיש, אָנגעשטעלט מיט עסענוואַרג, פּרוכטען און געטראַנקען,
מיט וועלכע דער עולם האָט זיך שוין היבש משמח געווען.

— היינט, מיין זוהן, — האָט דער אַלטער געזאָגט, אַבּי-
סעל דערשראָקען פון דער פּלוצליכער שטילקייט, — היינט האָסטו,
אַ דאַנק גאָט, געענדיגט. ביזט געוואָרען אַ שטיקעל מענש... אַנ'
אינזשעניער... נו, געה דיר, מיין קינד, געה אין דער גרויסער
וועלט אַריין, בוי דיר בריקען וויפיעל דיין האַרץ געלוסט...
אָבער, זעה... ווען עס וועט דיר גוט זיין, פאַרגעס ניט אָן אַלטע
טאַטע-מאַמע...

זיין שטימע האָט אַביסעל געציטערט. דעם אַלטען איז גע-
ווען גוט אויפ'ן האַרצען. ער איז געווען פריילליך. זיינע לעבעדיגע
אויגען האָבען געשטראַהלט, און עפּעס האָט זיך געריסען פון זיין
נשמה... עפּעס האָט ער געוואָלט דערצייהלען—אויסריידען זיך.

היינט האָט זיין זוהן געקראָגען דעם דיפּלאָם. גוטע פריינד—
יונגע און אַלטע—זענען זיך צונויפגעקומען פאַרברייגנען מיט דער
פאַמיליע און ווינשען זיי גליק. דער יונגער מאַן האָט אויסגע-
נוצט די גליקליכע געלעגענהייט און האָט פאַרגעשטעלט זיין פריינ-
דין, אסתר דינענזאָהן, אַלס זיין כלה. און אין הויז איז געוואָרען
אַ צווייעדיגע שמחה.

— אַ קנס-מאָל אָהן תנאים—ווי דער אַלטער האָט זיך גע-
וויצעלט. די יונגע לייט האָבען געהאַלטען וואַרעמע רעדעס און
האָבען בעגריסט דאָס גליקליכע פּאָרעל. און דעם אַלטען איז גע-
וואָרען גוט אויפ'ן האַרצען. די רעדעס האָבען איהם אַזוי בעגיי-
סטערט, אַז איהם האָט זיך אויך פאַרגלוסט רעדען, זאָגען עפּעס...
אויסגיסען זיין נשמה!...

— נו, קינדער, פריינד מיינע, לאָמיר געהמען צוביסעלעך — האָט ער זיך געבעטען.

— ווען נאָך וועל איך דערלעבען אַזאַ נחת? ווען? ווען איציקיל וועט חתונה האָבען? משטיינס געזאָגט, היינטיגע צייטען חתונה ביי׳ם יונגען דור אין אַמעריקאַ... אָט ווי איהר זעהט, אַ קנס-מאָל אָהן תנאים און אַ חתונה, מסתמא, אָהן כלי-זמר... ניין, קינדער, היינט איז מיין יום-טוב. ניט אומזיסט האָב איך מיט דער אַלטער געצווינגען פון זיך די זיבעציגע קליי, צו דערלעבען איהם זעהען אַ געענדיגטען. אמת, אסתר׳קע האָט אונז געהאָלפען. זי האָט איהרע שווערע פאַרהאַרעוועטע גראשענס איהם אַוועקגעגעבען. נאַ, זאָגט זי, לערען, שטודיר... אָבער ניט זי אליין האָט געהאָרעוועט... מיר האָבען אויך געהאָרעוועט... שווער געהאָרעוועט.

— אסתר׳קע, טאָכטער, קום נור אַ הער, מיט אַזאַ שנור ווי דו מעגען זיך אַלע מאַמעס בענטשען. קום-זשע, טאָכטער, דער אַלטער טאַטע וויל דיך אַ קוש טהון.

— נו, וואָס-זשע שווייגט איהר, וואָס? נעמט-זשע צו קאַפּעצקעלעך... לחיים, לחיים...

— לחיים, לחיים... האָט זיך געהערט פון אַלע זייטען און גלעזער האָבען געקלונגען אינדערלופטען.

— לחיים, ר׳ עליע — האָט פאַרשפּעטיגט די דינע, קוויטשענדיגע שטימע פון בעריל באשליק — אַנ׳איינגעהויקערטער דארער שוואַרצער איד מיט איינגעפאַלענע אויגען. ער האָט נעבעך געשפּיהלט דעם אַלטענס האַרץ. אַליין איז ער געווען אַ גרויסער אָרעמאַן, בעפאַלען מיט קליינע קינדער, אָבער שוין פון אַ צייט, ווי ער לייגט זיך אין דער ליינג און אין דער ברייט צו האַלטען אַ פּיאַ-

נאָ=לעהרער פאַר זיין טאָכטער. זי שפּילט פּיאַנאָ... קיין תכלית זעהט ער אפילו ניט אין דעם, אָבער מען זאָגט, אַז זי האָט א טאַלאַנט ... און ער פלאָגט זיך געבעך... און ער פּילט דעם אַל=טענס הארץ ...

— לחיים—און ער האָט דערלאַנגט דעם אַלטען זיין אויס=געדאַרטע שוואַרצע האַנט.

— גאָט זאָל העלפען מיר זאָלען האָבען נחת פון אונזערע קינדער. —

— הלואי, בעריל—האָט דער אלטער פאַרשטאַנען, און האָט צוגעוואונשען—הלואי, אויף אַ שמחה ביי דיין טאָכטער—און זיינע לעבעדיגע אויגען האָבען בעגעגענט די מאַטע איינגעפאַלענע אויגען פון בעריל באַשליק. און זייערע געשלאָסענע הענט האָבען זיך גע-שאָקעלט אין דער ווינשונג.

— אָה, קינדער, האָט דער אַלטער אָבגעזופצט און צוגע=שאָקעלט מיט'ן קאָפּ—ניט גרינג קומט עס אָן. גאַר ניט גרינג... איז איהם דען גרינג אָנגעקומען? זיעבען יאָהר האָט ער זיך גע=פלאַגט, זיעבען לאַנגע יאָהר, און געדאַרפט האָט מען נור פיער... פיער אינגאַנצען. זענען מיר דאָך אָבער אין דער געבענטשטער אַמעריקאַ בלוטיגע אָרימע לייט... מען קען דען קינדער בילדען? אַמאָל איז ניט געוועזען מיט וואָס צו בעצאָהלען אין אוניווערסיטעט; אַניאַנדערס מאָל איז איציק'ל דורכגעפאַלען—קיין גרויסער גבור איז ער ניט, ווי איהר זעהט; און גאָר אַ מאָל ... חי... חי... חי... האָט זיך דער אַלטער קינדערש=נאַאיווגע צעלאַכט, — איך דער-ציילט עס אין נחת, מיין קינד, איז טאַקי דער קאָפּ ביי איהם ניט ווי ביי בעני דעם שניידערס זוהן—מיסטער בעני ראַפּאָפּאָרט הייסט ער דאָ—יענער האָט זיך אַ נעם געטהון, איז ער איינס=צוויי

געוואָרען אַ דאָקטאָר ... און אפילו פערעלע דער אלמנה'ס—ניט אַזאַ גוטע קאָפּ, דערפאַר אָבער אַ ממזר אַ יונג, קלוג ווי דער טאָג, איז ער געוואָרען אַנ'אַדוואָקאַט. אין אַמעריקאַ איז ניט שווער ... און מיין זוהן? מיין איין אויג אין קאָפּ. וואָס האָט ער געזאָלט ווערען אין אַמעריקאַ? אַ בעקער, אַ העמדעל נייער, אַנ'אָרעמאַן? לעבען ווי איך אַליין לעב דאָ אין דער פינסטערער מדינה? ניין, מיינע פריינד, איך בין דאָך פאָרט עפּעס אין דער היים געוועזען אַ שטיקעל סוחר, אַ איד אַ בעל־הבית, געפאָהרען קיין מאָסקווע אַ פּאָר מאָל. אויף יעגאָראָווסקע יריד פּשוט גע־ברענט אַ וועלט ... אמת, געהאַנדעלט האָב איך ניט מיט מיין געלט, געלעבט אָבער האָב איך ווי אַ מענש—מיט לייטען גלייך; און קיינעמ'ס אַ קאָפּיקע חלילה ניט אָנגעריהרט.

— און ברייננגען איהם אַ הער, מיינט איהר, איז מיר גרינג אָנגעקומען? אַרויסראַטעווען איהם פון פּאָניעס הענט ... ער איז דאָך שוין דאָרט פאַרקראָכען ... דאָ האָט ער זיך אפילו אויך די גאַנצע צייט אַרומגעדרייט צווישען דער חברה ... אָבער דאָ אין אַמעריקאַ, צווישען אידען—מעג מען כאָטש ... דאָרט אָבער? וואָס האָב איך געזאָלט טהון דאָרט? און אַז איך האָב איהם שוין גע־בראַכט קיין אַמעריקאַ, האָב איך איהם געזאָלט לאָזען ווערען אַנ'־אַפּרייטער?*) בעסער וואָלט איך עס ניט דערלעבט ... איך בין טאַקי אַליין פון דער אַלטער וועלט, אָבער ... ער, האָב איך גע־וואָלט, זאָל לערנען, שטודירען—לעבען בעסער ווי איך לעב ... האָב איך זיך טאַקי געוואָרפען אויף אַלע זייטען. פאַרדינט אַ דאָ־לאַר דאָ און אַ האַלבען דאָרט. ניט געשאַנעוועט ניט זיך, ניט די אַלטע ... זי האָט, ווי איך בין אַ איד, באָרדער'ס**) געהאַלטען,

*) אַנ'אַרבייטער ביי דער מאַשין. **) קעסט־קינדער, קוואַרטיראַנטען.

וועש פון זיי געוואַשען און איך האָב אַלטוואַרג אויפ'ן מאַרק פֿאַר־קויפט... אַ מעקלער בין איך געווען, פאַר בעקאַנטע דירות גע־פונען, פון פייער סטראַכירט, אויף פינף טרעפ מיט מיינע אַלטע פֿיס געקראָכען צוליעב אַ גראָשען... נישקשה, קינדער, מען מעג עס אויסזאָגען—איך דערצייהל עס אין נחת... און אָט האָבען מיר דערלעבט...

— אַלטע, קום נור אַ הער, מיר האָבען עס דערלעבט. איציק'ל איז, אַ דאַנק גאָט, אַ אינזשענער געוואָרען... איציק'ל, אונ־זער איציק'ל איז מיט מזל אַ חתן געוואָרען... אָה, קינדער, ווען איך וואָלט זיך ניט געשעמט פאַר מיינע אַלטע יאָהרען—און פֿאַר אַייך, יונגוואַרג—וואָלט איך, ווי איך בין אַ איד, פאַרקאַטשעט די פּאָלעס און וואָלט געטאַנצט אַ קאַמאַרינסקע...

— נו, טרינקט־זשע לחיים, קינדער; זייט מיך ניט מבייש... לחיים, איציק'ל! לחיים, מיין קינד! זיי גליקליך—בוי דיר בריקען וויפיעל דיין האַרץ גלוסט—אָבער... קינד מיינס, אַז עס וועט דיר גוט זיין, פאַרגעס ניט אָן אַלטע טאַטע־מאַמע... ביים אַלטען זע־נען געשטאַנען טרערען פון פרייד אין די אויגען, און אַ שטורם פון אַפּלאָדיסמענטען האָבען פאַרהילכט דאָס צימער.

## II.

צוויי שטאַרקע אידישע האָספּיטאָל־בעדינער האָבען ווי צוויי מלאכי חבלה אַ הייב געטהון איסאַק'ן אונטער די אָרעמס און האָ־בען איהם אַריינגעוואָרפען אין אַ גרויסען עלעקטרישען וואָגען. באַלד זענען זיי געזעסען נעבען איהם פון ביידע זייטען און האָבען

איהם פעסט געהאַלטען. ער האָט זיך ניט אַריהר געטהון. ווי אַיינגעמויערט צווישען צוויי אַיזערנע פיגורען איז ער געזעסען. נור זיינע גרויסע אויגען האָבען געגליהט מיט אַ ווילד פייער און האָבען געקוקט פאָראויס· דער שאָפער האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ דרעמעל, ער האט זיך אַרומגעקוקט: זיינע פאַסאַזשירען זע־נען שוין פאַרטיג געזעסען אין וואגען. ער האט אַרוק געטהון אַ לאַנגע אַייזערנע שטאַנג נעבען זיך, האט אַ דריי געטהון אַ האָרי־זאָנטאַלנע רעדעל, און דער וואָגען האָט זיך אַ הוידע געטהון— אַ שיפּע געטהון, אַ זיר געטהון און אַלאָז געטהון זיך אין דער ברייטער גאַס ... לויפענדיג האָט ער אין זודיג־שיפּענדיגע קאַרענ־צען אַרויסגעלאָזען שטיקער געדיכטע פּאַרע פון זיינע געדערים, און איז פאַרלוירען געוואָרען אין דעם ים פון עלעקטרישער ליכט, וואָס האָט פון אַלע זייטען פאַרטרונקען דעם וועג.

אסתר איז געשטאַנען אַ צוטומעלטע

— וואָס איז געשעהען? — זי האָט נאָך ניט קלאָהר פאַר־שטאַנען. איהרע אויגען האָבען ווי פאַרגליווערטע נאָכגעקוקט דעם וואָגען. אין האַלז האָט זי געשטיקט אין געוואָרגען אַ קייקעכ־דיגע זאַך. עס האָט איהר צונויפגעדריקט די ברוסט און האָט איהר שווער געמאַכט דעם אָטעם. זי האָט זיך געשאָקעלט אַ סעקונדע. פאַרלירענדיג איהר גלייכגעוויכט ... און זי וואָלט געוויס געווען געפאַלען פון דעם שטאַרקען טומעל אין איהר קאָפּ און אָהנמאַכט אין איהרע גלידער, ווען איינע פון איהרע חבר׳טעס וואָלט זי ניט אונטערגעכאַפּט. אסתר האָט אַיינגעגראָבען איהר קאָפּ אויף דער חבר׳טעס אַקסעל; האָט אָנגעכאַפּט מיט די ציין אַ שטיק פון איהר מלבוש און האָט דערשטיקט אין זיך אַ שרעקליכען אויסגעשריי.

אַזוי האָט זי די חבר׳טע געבראַכט אין דעם קליינעם צימער

פון וואַגען מען האָט ערשט צוגענומען איסאַק'ן. פוסט האָט זיך
אין צימער געפילט, פונקט ווי מען וואָלט פון איהם ערשט אַמת
אַרויסגעטראָגען. אַנ'אומעט, אַ גרויער אומעט האָט זיך צעשפּרייט
איבער דעם צימער, און ער האָט זיך ווי שווערע שוואַרצע שאָ-
טענס געלייגט איבער דעם גאַנצען רוים. אַ טרויער האָט זיך פאַר-
שפּרייט איבער די בלאַסע פּנים'ער פון אַלע—די פריינד און די
נאָהענטע—וואָס זענען אין צימער געוועזן, און ער האָט זיי אויס-
געצויגען, דין, לאַנג און טונקעל געמאַכט. און אין די טרויעריגע
אויגען ביי יעדען זענען געשטאַנען גרויסע, בלישצענדיגע טרערען.
זיי האָבען געציטערט אויף די נאַסע וויעס און האָבען זיך פּאַמע-
לעך געקאַטשעט איבער די דינע באַקען. יעדערער האָט זיך אַרום-
געדרייט אין צימער ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטער—מיט שטילע שווערע
טריט, גלייך ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט און וואָלט ניט געקענט
געפינען. נור איסאַק'ס אַלטע מאַמע איז געזעסען ביי'ם טישעל—
דאָס ברייטע געקנייטשטע פּנים אויסדרוקסלאָז, די אויגען שטאַרע,
גלעזערנע, און האָט זיך מאָנאָטאָנע געשאָקעלט אַהין און צוריק.

אסתר האָט זיך בעפרייט פון איהר חבר'טע און איז צוגע-
פאַלען צום קאָפּ פון דער סאָפאַ. זי האָט בעהאַלטען איהר פנים
אויף איהרע צונויפגעלייגטע הענט און פון איהר פאַרשטיקטער
ברוסט האָט זיך אַרויסגעריסען אַ ווילדער געשריי. זי האָט גע-
וויינט... היסטעריש געוויינט... אין צימער האָט געהערשט אַ טיי-
פער, גרויער אומעט.

— גאָט—האָט זי זיך פּאַמעלעך אויפגעהויבען און האָט
מיט איהר האַנט אַ שאַר געטהון איהרע האָר אויף איין זייט קאָפּ—
איצט האָב איך שוין חתונה געהאַט... און זי האָט זיך שטיל און

היסטעריש צעלאַכט. זי האָט געלאַכט און געבליפּעט... און איהר קול האָט זיך פאַרצויגען מיט אַ קרייען...

— יאָהרען געפּלאַגט זיך... יאָהרען געאַרבייט און געהאָפט... יאָהרען געליעבט און געליטען... געליעבט? — האָט זי זיך פאַרטראַכט איבער'ן וואָרט. איצט איז זי געזעסען גלייך. אַ דינע, אַ דאַרע, אַ בלייכע מיט שוואַרצע רינגען, געפינזעלט פון דעם טיפען טרויער, אַרום איהרע שיינע פאַרוויינטע אויגען. אַ טרויעריגער, איראָנישער שמייכעל האָט געשפּילט אויף איהרע בלוטלאָזע ליפּען.

— אַך, ווי קענען מיר דען ליעבען? מיר — די אויסגעמאַטערטע, פאַרדאַרטע ביי דער מאַשין! און זי האָט זיך פארקוקט אין דער פוסטקייט.

— אַמאָל, ווען איך האָב איסאַק'ן דערקענט, האָב איך איהם ליעב געהאַט ווי מיין לעבען... דעמאָלט, ווען מיר וואָלטען זיך פאַרגינען, ווען איך וואָלט איהם מיין נשמה אָבגעגעבען... וואָלט ער זי מיט זיין פייער פאַרצעהרט... אָבער, גאָט מיינער, האָט זי זיך לאַנגזאַם געשאָקעלט, האָבען מיר עס געטאָהרט? מיר זענען אַזוי אָרעם געוועזען. און מיר האָבען בעשלאָסען צו אַרבייטען. ער מיט דעם קאָפּ... און איך?... העלפען איהם ביז מיר וועלען מעגען חתונה האָבען... יאָ, מעגען... און איך האָב געניי הט אַלע יאָהרען געניי הט... געניי הט און געניי הט ביז... איך האָב די ליעבע אין די שטעך פערניי הט... מיט די כחות זי פאַרלוירען...

— אַך, אַך, אַך... האָט זי טיעף אָבגעזיפצעט. — וואָס מיר ליעבע, ווער מיר ליעבע?

— יאָ... מיט יאָהרען צוריק, ווען איסאַק פלעגט קומען צו מיר אין אַנ'אָבענד, פלעגען מיר ביידע גליקליך זיין. דעמאָלט... פלעגט זי נאָך אויפפלאַמען, די ליעבע... אָבער מיט אַזאַ העליש

פֿייער, אַז איך פלעג זיך דערשרעקען פֿאַר איהר. מורא האָבען... ציטערען... זי זאָל אונז חלילה קיין אונגליק ניט ברייננגען... און מיר פלעגען אויסמיידען אַזעלכע גליקליכע מאָמענטען... און איך האָב געניהט... און געניהט... ביז אין דער אויסגעדאַרטער ברוסט איז געבליבען נור איין געפֿיהל—איין גרויסער, שווערער געפֿיהל— מידינגקייט... אוי, אַזאַ מידינגקייט! און איך האָב געהאַט נור איין באַגעהר: רוהע, נעבען איהם... רוהע. גאָט, האָב איך דען פיעל געוואָלט? און איך האָב געניהט... און געניהט... איצט מעג איך מיר שוין תכריכים אויפֿנייהען!.. וואָס דען איז מיר געבליבען אַחוץ נייהען, נייהען ביז'ן טויט ביי דער מאַשין... און אסתר האָט בעהאַלטען איהר פנים אין די הענט. זי האָט אָנגעשפּאַרט איהרע עלענבויגען אָן איהרע קניען און האָט געוויינט. איהר הבר'מע האָט זי צאַרט געגלעט איבער די האָר און האָט מיט־געכליפּעט.

— דריי חדשים נאָר האָט אַ שטראַהל געשיינט—האָט זי זיך ווידער אַ ביסעל בערוהיגט—און איך האָב שוין געמיינט, אַז דאָס גליק שמייכעלט צו אונז. אָבער וואָס האָט זיך אויסגעלאָזען?

— גאָט, האָב איך דען געקענט העלפֿען׳... התונה האָבען? ער האָט געוואָל'ט מיר זאָלען חתונה האָבען... ער האָט געפֿאָדערט... אָבער איצט, נאָך אַזוי פיעל יאָהרען פון פלאַגע—ווען דאָס גליק איז שוין אַזוי נאָהענט—האָב איך דען געזאָלט איבערשניידען דעם וועג אין אויף אייביג פֿאַרזונקען אין אָרעמקייט? גאָט מיינער, אָרעמ־קייט! ווער ווייסט נאָך אַזוי גוט ווי איך דעם טעם פון אָרעמ־קייט!.. אוי, ווי איך האָב מורא געהאַט פֿאַר איהר... און איך האָב ניט געזעהען, אַז דער גרויסער אונגליק קומט, קומט אונגעריכט. און איך האָב זיך געבעטען ביי איהם, מיר זאָלען וואַרטען ביז מיר

וועלען קענען לעבען אהן נויט... אַלץ וואָס איך האָב געוואָלט איז רוהע. אביסעלע לעבען... אַ טראָפּענדעל גליק... גאָט, האָב איך דען צופיעל געוואָלט? האָב איך דען שולד אין זיין אונגליק?..

זי האָט זיך פאַרטראַכט. די טרערען זענען געפלאָסען איבער די בלייכע, דאַרע באַקען. די הענט האָבען זיך געשלאָסען אַרום איהרע קניען. די מאַטע שיינע אויגען האָבען געקוקט אין דעם רוים. אין שטוב איז געווען שטיל, שטיל ווי אויף אַ בית־עולם. נור די אַלטע מאַמע איז געזעסען ווי אַ גולם ביי'ם טישעל און האָט זיך פאַמעלעך געשאָקעלט אַהין און צוריק.

## III.

דער ברייטער אַספאַלטענער וועג ציהט זיך און שליינגעלט זיך פון דעם וואַלד אַרום אין טאָהל, באַרג אַרויף, מיילען און מיילען ווייט. פון איין זייט קערעווען זיך אָב, דאָ און דאָרט, שמעלערע וועגען און סטעזשקעס, וואָס פיהרען צו די גרויסאַרטי-גע וואָהנונגען פון רייכע מאַגנאַטען. פון דער אַנדערער זייט ציהט זיך אַ ווייס־געפאַרבטער פאַרקאַן, געפלאָכטען פון אַייזערנע שטאַנגען, דורכגעצויגען דורך ברייטע שטיינערנע קאָלאָננעס. די רייכע היי-זער זענען פון זעלטענער אַרכיטעקטור. זיי שטייהען אויף בערגיגע טעראַסען, העכער פון דעם אַספאַלטענעם וועג, און זענען פאַר-טרונקען אין גרינע ביימער און שיינע בלומען. די שפּיציגע טו-רעמס זייערע, די גלעזערנע באַלקאָנעס אין קאָלירטע געפאַרבטע טויער'ן קוקען אַריבער דעם וועג, אַריבער דעם באַרג, וואָס איז באדעקט מיט אַלטע דערנער, הויכע גראָז און פליכעוואַטע שטיי-

נערנע אָאזיסען. זיי קוקען אַראָב צום טיפען אָבגרונד. צום טאָהל, וואו עס האָט זיך אויסגעשפּרייט, ווי אַ וואונדער=שפּיגעל צווישען די בערגינע ברעגעס, דאָס בלויליכע וואַסער פון דעם פּראַכטפאָלען הודסאָן.

נאַכט.

אַ שיינע ליבליכע נאַכט. די לבנה צעגיסט איהרע זילבערנע שטראַהלען מיט אַ העל=ווייס צויבער=ליכט און בעלייכט די קייטען פון בערג, דעם טאָהל, דעם טייך און דעם גלאַנציגען אַספאַל=טענעם וועָג. און דער וועג ציהט זיך אויף דעם רוקען פון דעם באַרג... אַרויף... העכער און העכער... און אַלץ טונקעלער און טונקעלער ווערט דער אַספאַלטענער וועג ביים אַלטען דיקען וואַלד אויף דעם שפּיטץ באַרג וואו עס שטייט דאָס גרויסע, גרויע הויז...

דאָרט איז מוראָ'דיג פינסטער. אַהין דערגרייכט ניט דאָס צויבער-ליכט פון דער לבנה דאָרט, היינגט איבער דעם הויז אַ שוואַרצער וואָלקען, און אַרום דעם הויז דריינגט זיך צונויף די געדיכטע פינסטערניש פון דער נאַכט ... שטיל איז... שאַ...

אָט האָט עפּעס אַ רעווע געטהון איבער דעם טייך, אַ לאַנ-גע רעווע... דער קול האָט זיך אַ סעקונדע געדרייט אין דער לופט, געטראָגען זיך איבער דעם וואַסער, געגליטשט זיך און אָן די בערגינע ברעגעס זיך אָבגעשלאָגען. אַ ווידער=קול האָט זיך געהערט, העל און לויט. און ערגעץ-וואו פון ווייטען האָבען זיך און מעלאָדיש גלעזערנע שויבען געקלונגען ווי דינע זילבערנע גלעקעלעך... און עס איז ווידער שטיל געוואָרען... ששששאַ... שטיל...

פון ווייטען האָט עפּעס אָנגעהויבען צו האָידען. נעהענטער

און נעהענטער איז דאָס האָידען געקומען אין דער לופט. דורך דער ערד איז אַ זשומען דורכגעגאַנגען און פון דעם וואַלד, דאָרט אונטען אין טאָהל, איבער דעם אַספאַלטענעם וועג, האָט זיך אַ שוואַרצע מאַסע בעוויזען. צוויי גרויסע פייערדיגע אויגען האָבען זיך אין דער ערד איינגעגראָבען און איבער זיי האָט, ווי פון דעם מיטען פון איהר בלישצענדיגען מעטאַלישען שטערען, אַ דריטע אויג געגליהט. איבער דעם אַספאַלטענעם וועג האָט זיך אַ ברייטער קאָנוס פון ליכט צעגאָסען און ער האָט געציטערט און געטאַנצט אויף דער ערד און אין דער לופט. און די מאַסע האָט זיך גע־הוידעט און געשאָקעלט... נעהענטער... נעהענטער...

אין דעם רוים האָט זיך אַ ווינט געדרייט, און ווי אַן אָרגאַן האָט ער זיך פאַרביי געטראָגען. די טייפעלשע שוואַרצע מאַסע מיט די פייערדיגע אויגען איז דורכגעפלויגען... אַ הין צום שפיטץ באַרג צום מוראַ׳דיגען הויז... דער אַספאַלטענער וועג האָט פון אַנגסטען געציטערט און געקרעכצט...

בערג און טאָהל—ערד און וואַסער, הימעל און שטערען—אַלעס, האָט אַ שטאַרקען ציטער געטהון... און אין די הימלען, פון יענער זייט טייך, האָט זיך אַ הער אויף דער זייט—ווי פון איין עק וועלט צו דער אַנדערער—אַ שטערען אַ שליידער געטהון. ער איז געפלויגען איבער די הימלען, בלישצענדיג אויף זיין שליאַך, און איז אין אַ צעשמאָלצענער שוואַרצער מאַסע אויף דעם שפיטץ פון דעם באַרג אַראָבגעפאַלען... דוכט זיך, ער איז אין יענעם מוראַ׳דיגען הויז אַריינגעפאַלען... און אַלעס איז ווידער שטיל גע־וואָרען... שטיל ווי דער טויט...

* *
*

שטיל איז אויך געוועזן אין יענעם שוואַרצען, מוראדיגען הויז. די דריי נאַכט-וועכטער האָבען זיך פאַרקליבען אין דעם עק פון דעם לאַנגען, טונקעלען קאָרידאָר, און צוויי פון זיי האָבען אַזאַרטנע געשפּילט אין קאָרטען. דער דריטער, אַ דיקער, אַ קורצער, מיט גרויסע וואָנצעס און קליינע אויגעלעך, האָט געהיט דעם קאָרידאָר און האָט בגנבה געפּיפקעט זיין ליולקעלע.

— אַ פּעטער העכט, דאַכט זיך, דער נייער... האָט ער בעריכטעט אין דער שטיל.

— אַ אידעל, וואָס? האָט איינער פון די שפּילער געפרעגט און האָט אויפגעהויבען צוויי רויטע, פאַרשכור'טע אויגען.

— געוויס אַ אידעל, ווי דען? חי... חי... חי... דאָ וועלען באַלד אַלע זיין אידען—האָט זיך דער וועכטער שטיל צעלאַכט, און דער רויך פון זיין ליולקעלע האָט געטאַנצט איבער זיינע וואָנצעס.—זיי פאַרנעמען באַלד די גאַנצע שטאָדט, די אידען.

— נו, נו, זאָלען זיי נור, דאָ מאַכט ניט אויס... וואָס מעהר איז בעסער—האָט זיך געוויצעלט דער צווייטער שפּילער, אַ דאַרער געגאָלטער יענקי מיט אַ גרין פּנים.—מעהר הכנסה... פאַרשטייסט? קנייפּ נור שטאַרקער—און ער האָט צוגעזשמורעט איין אויג און האָט פאַרקרימט דאָס גרינע פּנים.—זיי צאָלען אַ גאָלד-שטיק פאַר אַ קניפּ, ביי גאָט... אַ גאָלד-שטיק פאַר אַ קניפּ... שטעק נור אויס די האַנט אַזוי—און ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט אונטען אַרום—זיי גיבען ניט אָפען, די „שינים"*)... אַלע

*) א צונאמען פאר דעם אידען.

האָבען זיך שטיל צעלאַכט און האָבען אָנגעקוואָלען פון נחת...

און ווידער האָבען די צוויי פאַרטיפט זיך אין זייערע קאָר־טען, און דער דריטער האָט מיט פערגעניגען געפיפקעט זיין ליולקע, בעהאַלטען אין זיין פאַרמאַכטען פויסט.

* * *

עס איז שטיל געווען, אַלע זיינען שוין געשלאָפען. נור אין איין קליין הדר'על האָט נאָך דאָס איינגעטויערטע עלעקטרישע ליכט געברענט מיט אַ מאַטען שיין. אין צימער איז געווען טונקעל און אַ מרה שחורה האָט געהערשט אומעדום. איסאַק איז מיט גע־מאָסטענע טריט אַרומגעגאַנגען איבער'ן צימער. דער לאַנגער גרוי־ער כאַלאַט איף זיין הויכער, דאַרער פיגור האָט איהם צוגעגעבען אַ משונה'דיגע אויסזעהען. שטונדען לאַנג איז ער שוין אַזוי אַרומ־געגאַנגען, שטום, די הענט פאַרלייגט פון הינטען, דעם געקרויז־טען קאָפּ איינגעבויגען, דאָס געגאָלטע פנים מיט די טיפע פאַל־דען אַרום מויל קרענקליך־געל. נור די אויגען האָבען ווילד גע־בלישצעט און זיי האָבען געוויזען אַז אינווייניג אַרבייט אַ שטורמי־שער מוח. פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך אָבשטעלען, און גלייך וויא ער וואָלט גערעדט צו זיין שאָטען, פלעגט ער אַ זאָג טהון:

— רעד ניט... רעד ניט, זאָג איך... און ווייטער געהען, מיט געמאָסטענע טריט נאָכיאָגענדיג מיט די ברענענדיגע אויגען דעם שאָטען זיינעם.

— בייגעל באַקען... בייגעל באַקען — האָט ער אַ זאָג גע־טהון צו זיך אַליין. ער איז קענטיג מיעד געווען און האָט זיך

אַנידערגעזעצט אויף זיין בעטעל. ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן דעם וועגטעל פון דעם בעט און האָט זיך פאַרקוקט אויף אַ פונקט.

— ביינעל באַקען... ביינעל!... אַ שטיק טייג אַרום און אַרום און גאָרניט אין מיטען—האָט ער געוויזען מיט דעם פינגער.— ביי דעם האָב איך געזאָלט בלייבען... תמיד בלייבען... צו דעם האָב איך געטויגט... אָבער בריקען בויען?... בריקען? ווי קומט עס צו מיר... אַ קליינינגקייט בריקען בויען... דאָס איז איבער מיינע קרעפטען... איכאַק האָט זיך אַרומגעקוקט, גלייך וויא ער וואָלט פאַר עפּעס מורא געהאַט.

— יאָ... ביינעל באַקען... אי פאַר זיך... אי פאַר זיי... אי פאַר איהר... פאַר אַלע... פאַר דער גאַנצער מענשהייט.

— אָה, די מענשהייט... זי מאַכט מיר קאָפּ־שמערצען... האָט ער זיך אויפגערייצט און האָט אָנגעכאַפּט דעם קאָפּ מיט ביידע הענט. ער האָט זיך איינגעבויגען זיצענדיג אויפ'ן בעט, און דער אויבערשטער טייהל פון זיין קערפּער האָט זיך פּאַמע־לאַך געשאָקעלט.

— בריקען ליינען... איבער וועלכע מענשען דאַרפען געהען, לויפען, פליהען אַהין און אַהער; פערד דאַרפען טופען, ציגען דאַרפען הייל'ען — אַ וועלט דאַרף זיך בעוועגען — דאָס דאַרף מען קענען... און איך?...

— איך?... האָט ער זיך פּלוצלונג אַ שטעל געטהון און האָט מיט שטאָלץ געפרעגט — איך? — האַ... האַ... האַ... האָט ער זיך צעלאַכט.— איצט ערשט בין איך — איך... פריהער בין איך — אי איך, אי ניט איך — אַלע געוועזן... איצט בין איך — איך... איך אַליין. זיי קענען מיך ניט צווינגען, מיין גייסט האָט

זיך בעפרייט... איצט וועל איך קענען... וואַרט... וואָס האָב איך געזאָגט וועל איך קענען?... ער האָט זיך ווידער אַנידערגעזעצט און האָט זיך פאַרטראַכט, גלייך וויא ער וואָלט געוואָלט זיך עפּעס דערמאָנען.

— מאָדנע מענשען זיינען זיי — האָט ער פּאַמעלאַך געצוויגען די ווערטער.

— איך זאָג איהם, פּאַפּאַ, איך וויל פאַר מיין נשמה די גאַנצע וועלט, דעם גאַנצען רוים וויל איך... זאָגט ער, וואַרט מיין זוהן — וועסט ווערען אַניאינזשעניער, וועסטו בריקען לייגען... אַ שכל... בריקען לייגען... דעם רוים צוימען... איבערשפּאַנען. עפּעס אַ קונץ... עפּעס אַ קלייניגקייט? און ער בייגט מיך, און דרייען בייגט ער מיך... און איך קוק אויף מיין אַלטער מוטער — אויף דער אָרעמער... און שטאָפּ אָן מיין קאָפּ מיט ציפערען, פאָרמולען לאגאריפמען... און מיין קאָפּ? אוי, מיין אָרעמער קאָפּ... און איסאַק האָט מיעד, וויא צום איינדרעמלען צוגעמאַכט די אויגען.

— און זיי — מיינע חברים? מאָדנע מענשען זיינען זיי — האָט ער זיך ווידער אויפגעכאַפּט. — אָבער... ששאַ... האָט ער מיט צונויפגעצויגענע ליפּען און ווייט געעפענטע אויגען אויסגעשיפּעט, זיין שטערען האָט זיך שטאַרק פאַרקנייטשט.

— רייד ניט, זיי קענען נאָך דערהערען און פאַרוואַרפען מיט שטיינער... איך האָב עס טויזענד מאָל געטראַכט — האָט ער שטיל געוויספּערט — טויזענד מאָל... זיי האָבען זיך אַרומגעבונדען מיט שטריק, און אין אַ טומעל, אַ רויש, אַ געררודער, אַ ליאַרעם, אַז מען קען טויב ווערען — מען הערט ניט איינער דעם צווייטען — שלעפּען זיי זיך, רייסען זיי זיך, פליהען זיי וויא

משוגעים אין הימעל אַריין און זאָגען אַז די מענשהייט פליהט מיט זיי...

— ס'איז אַ ליגען, זאָג איך, אַ ליגען...

איך זעהע אַליין מיט מיינע אויגען וויא זי שטעהט און לאַכט און שפּאָט פון זיי... און איך דערציייל זיי; איך האָב מיט יענעם שוואַרצען מאַן גערעדט; גערעט ביז די נשמה איז מיר שיער ניט אַרויס; בעוויזען וויא די וועלט לעבט, ענטוויקעלט זיך, אַליין — פון זיך... כּסדר... גאָר אָהן אַ גאָט. און גערעדט האָב איך מיט האַרץ, רויט געוואָר־ען אין פּנים... בעגאָסען זיך מיט שווייס... פיינע ראָט מיר פון דעם מויל געזעצט... און ער חוז'ט אַלץ איבער... „ס'איז דאָ אַ גאָט, ס'איז דאָ אַ גאָט"... מען דאַרף איהם אָבער ניט, האָב איך בייז אַ געשריי געטהון... האָט ער מיך מיט פאַרציטערטע אויגען אָנגעקוקט און האָט אַ שפּיי געטהון — „ספּוי"... זאָגט ער — „איהר זיינט משוגע". און האָט זיך אָבגעקערעוועט. און ער איז ניט איינער, מיליאָנען איז ער... מיליאָנען... די גאַנצע מענשהייט... און זיי גלויבען ניט די דברים... זיי גלויבען אין דער מענשהייט...

— אָה, די מענשהייט... זי מאַכט מיר קאָפּ־שמערצען.

איסאַק האָט זיך האַלב אַנידערגעלייגט אויף דעם בעט. אַ האַלבער קערפּער איז אַראָבגעהאַנגען צום באָדען. די הענט האָט ער פאַרלייגט אונטער'ן קאָפּ און האָט שטיל געקוקט אויף דער סטעליע. זיין געהירן האָט אונערמידליך געאַרבייט. די פייערדיגע אויגען האָבען געבלישצעט און עדות געזאָגט...

— זי... זי... זי... האָט ער זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ ווילדען געשריי. — אסתר, איך זאָג איהר, אסתר... דיינע אויגען ברענען מיר אויס לעבער אין דער נשמה... זיי פאַרברענען

מיך... איך האָב דיך ליעב... פאַרשטייסט, זאָג איך איהר. די נאַטור האָט דיך אַזוי בעשאַפען אַז איך זאָל דיך באַגעהרען... זי האָט דיך פאַר אַ פרוי געמאַכט... און... איך וויל דיך... קום, קום צו מיר, לאָמיר געניסען די ליבע... איך בין ניט שול־דיג אין דעם וואָס די נאַטור האָט מיך געמאַכט פאַר דיין קנעכט... קום־זשע, טייערע, מיר וועלען זיך אַרומנעמען... שטאַרק... אָט אַזוי... מיר וועלען זיך צודריקען... דערוויאַרעמען איינער דעם אַנדערען... מיר וועלען געניסען דאָס בעסטע פון דער ליבע... אַך, מיר וועלען... מיר וועלען... וואַרט!... וואָס וועלען מיר?.. עָה... עָה... יאָ, אסתר, מיר וועלען חתונה האָבען... קוקט זי אויף מיר מיט איהרע ליבע צעטראָקענע אויגען, ברענט דורך לעכער אין מיין נשמה... און ווײנט... וויינט מיט ביטערע טרערען...

— ברויט, ברויט וויל זי — דער נאַר!... זי ווייסט ניט אַז איך בין גרויס, גרעסער פון אַלע גרעסטע, שטאַרקער פון אַלע מענטשען... זי ווייסט ניט אַז איך בין אַ גאָט און וויל מענטשען צאַפּען... און איהרע טרערען ברענען מיין לייב, און איך בייג זיך און קנייטש זיך און קאָרטשע זיך צונויף אין אַ קנויל... און ליג ביי איהרע פיס...

— קען מען עס אויסהאַלטען — קען מען? —

— און זי איז וויא זיי — און זיי אַזוי וויא זי... זיי גלויבען ניט און פאַרשטייען ניט, און זי פאַרשטייט ניט און גלויבט ניט... זי אַליין קלאָגט זיך פאַר מיר: איסאַק, זאָגט זי, עס איז שלעכט. — דאָס, זאָגט זי, מאָהר מען ניט און יענעס איז פאַרבאָטען... פאַר וואָס? פרעגט זי. זאָג איך איהר, ווייל מענשען לאָזען ניט... מענשען הערשען איבער מענשען... לאָזען זיי ניט!..

זאָגט זי — אָבער איך וויל דאָך קיינעם קיין שלעכטעס ניט טהון, הערסטו? איך ווייס — זאָג איך — אָבער מענשען זיינען טיראַנען און דאָס לעבען שמידט אוים קייטען... און קייטען... זאָג איך... קייטען דאַרף מען רייסען... טיראַנען דאַרף מען טויטען...

— טויטען?... דערשרעקט זי זיך און ציטערט. — איסאַק, טייערער, וואָס רעדסטו? איך האָב עס קיינמאָל פון דיר ניט געהערט!.. און איך הער וויא זי שושקעט זיך מיט זיי... „משוגע"... חאַ... חאַ... חאַ... משוגע זיינען זיי... זי... מיינע חברים... די גאַנצע וועלט איז משוגע... ניט איך...

— די חברים!.. איך זאָג זיי און זיי גלויבען ניט. בינדען זיך אַרום מיט שטריק... פאַרציהען זיך מיט זיי... און זיי ווילט זיך דער הימעל... די גאָלדענע זון... אַה! וואָלט איך געקענט בריקען בויען, וואָלט איך אַ בריק געלייגט... אין דער לייג... אין דער הויך... ביזן הימעל... און לאָזען זיי געהען אויף איהם... די הונגעריגע... מיינע חברים — אַלע... אַלע... ער אויך, אפילו ער... די מאָדנע בריאה — מיט די גרויסע, שווערע, פאַרכאַזאָלעטע הענט... אַ מאָדנע בריאה!.. ער זאָגט מיר אַמאָל: ער לעבט ניט, ער מאַטערט זיך... ער האָרעוועט, זאָגט ער, שווער וויא אַן אָקס, אויפן שטיקעל ברויט, און האָט עס ניט... דערציייל איך איהם, וויא גוט עס וועט זיין, ווען מענשען וועלען גליקליך זיין אין דער צוקונפט... זיפצט ער, נעבעך, און פרעגט מיך — אָבער וויא קומט מען דערצו? — זאָג איך איהם, מען דאַרף נור אַ קלייניגקייט... מען דאַרף אַז עס זאָלען ניט זיין קיין אָרימע און קיין רייכע... פאַלט איהם איין — דעם אָקס — וויא?.. פאַר־וואונדערט ער זיך, וואָס הייסט?... און טאָמער — זאָגט ער — איז מיר אַליין בעשערט רייך צו ווערען?.. צעלאַך איך זיך — וואָס

דאַרפט איהר רייכקייט, פרעג איך איהם, ווען איהר וועט האָבען אַלץ וואָס איהר דאַרפט און וועט גליקליך זיין?.. קוקט ער מיך אָן... אַ מאָדנער קוק... ער האָט מיר אפילו ניט געזאָגט... אָבער איך האָב געזעהען אין זיין קוק, אַז ער מיינט, איך בין משוגע... און ער איז דאָך ניט איינער... ער — זיינען אַלע... די גאַנצע מענשהייט...

— אָך, די מענשהייט, זי מאַכט מיר קאָפּ־שמערצען... און מיינע חברים מיינען אַז זי פליהט מיט זיי צום הימעל.

— ס'איז אַ ליגען, זאָג איך, אַ ליגען... זי בינדט... זי פאַרקנעכט... זי ציהט צו דער ערד... איסאַק האָט געציטערט פון אויפרעגונג און איז האַסטיג געגאַנגען איבער דעם צימער.

— אָבער ניט מעהר... ניט מעהר... איך בין פריי... האָט ער אויסגעשריגען און האָט זיך אָבגעשטעלט.

— אין דעם קאַמפּף מיט דעם לעבען האָב איך געוואונען.. איך... איך האָב צעריסען די קייטען... איך — בין איך... איך בין אַליין...

— דער שטאַרקסטער פון אַלע שטאַרקע — דער מעכטיגסטער פון אַלע מעכטיגע... אַ גאָט!.. זיין פנים, די ברייטע דינע באַקען האָבען געפלאַמט מיט אַ העליש פייער. די צוויי האַלב־קיילעכדיגע קנייטשען אַרום זיין מויל האָבען זיך טיפער איינגעשניטען אין זיין לייב. פון זיינע אויגען האָבען פונקען געשפּראָצט וויא בליטצען, און אויף זיין הויכען שטערן זיינען געשטאַנען גרויסע, קאַלטע טראָפּענס שווייס. די לאַנגע פיגור אין דעם גרויען מאַנטעל איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן בעט, אַביסעל איינגעבויגען; די רעכטע האַנט האָט געפלאַטערט פון אויפרעגונג הויך אין דער לופטען; די ליפּען האָבען געציטערט און געשעפּצעט.

— אַ גאָט... איך בין אַ גאָט... אַ גאָט... אַ גאָט...

צוויי בייזע אויגען האָבען געקוקט דורך די אייזערנע גראַטעס אין דעם פענסטערעל פון דער טיהר. איסאַק האָט זיי בעמערקט און האָט מיט אַ שטאַרקען בליק געקוקט אויף זיי.

קוקט ניט! — האָט ער מיט דעם גאַנצען קערפער אַ ציטער געטהון און אַ געשריי געטהון ניט מיט זיין קיל. און איז אָהנמעכטיג געפאַלען אויף דעם בעטעל.

אַ מורא'דיגע, משוגה'דיגע שטימע האָט אָבגעהילכט אין צימערעל... זי האָט זיך געטראָגען און געדרייט און געיואַליעט אין דער לופט וויא דער משוגה'דיגער קול פון אַ ווינטער ווינט... אין קאָרידאָר האָט עפּעס אַ קנאַק געטהון. דאָס עלעקטרישע ליכט איז פאַרלאָשען געוואָרען. נור דאָס אינוועניגסטע געדרייטע פלאַטינום דראָטעל אין דעם גלעזעל פון דער לאַמפּעצקע האָט נאָך אַ כּעקונדע וויא אַ כּשוף שלעננגעל געגליהט און איז מיט דעם משונה'דיגען קול אויסגעגאַנגען... ביסלעכווייז... פּאַמעלעך... פאַרשוואונדען... עס איז פינסטער געוואָרען... פינסטער און שטיל...

# דָאס פָאלְק און דֶער אָבְגָאט

דאָס פאָלק האָט געיובעלט!..

אַ צעהן־טויזענד־קעפּיגע עדה האָט זיך געוויגט און בע־
וועגט אין דעם גרויסען סקווער און האָט מיט ווילדע התלהבית
געפּילדערט און געיובעלט!

אין דער צונויפגעדרענגטער מאַסע האָט מען גאַנצע מענ־
שען־קערפּערם נור אַרום די ברעגעס פון דער עדה געזעהען.
ווייטער האָבען זיך געוויגט נור קעפּ און פּנים'ער... קעפּ און
פּנים'ער...

לאַנגע קעפּ מיט דינע פּנים'ער, שפּיציגע נעזער און אויס־
געצויגענע באַקען; גרויסע קיילעכדיגע קעפּ מיט פולע פּנים'ער,
פאַרזאָטענע אויגען און פלאַציגע נעזער; קליינע איינגעשרימפּענע
קעפּ מיט דאַרע פּנים'ער, אַיינגעפאַלענע באַקען און דינע ליפּען,
בעוואַקסענע מיט בערד, און גלאַטע, געגאָלטע!..

שיינע, ווייכע פרויען געשטאַלטען און בריימע פאַרהאַרטעטע
מאַנסבילען־געזיכטער האָבען זיך אין קיילעכדיגע קאָנטורען און
אין שאַרפע לענגעכיקע ווינקלען — אַן־פאַס און פּראָפיל — מיט

גליהענדע בעגייסטערטע אויגען געצויגען אין פּאַרמישט, און האָ־
בען זיך אין איין ריזיגע בילד צונויפגעגאָסען. — אין איין ריזיגע
בילד פון קעפּ און פנים'ער... קעפּ און פנים'ער...

און די קעפּ און פנים'ער מיט די העליש־ברענענדיגע,
בעגייסטערטע אויגען האָבען זיך וויא אין אַ ברייטער שוואַרצער
פליסיגקייט געטונקען און געבאָדען... געוויגט און בעוועגט...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

פון דערהויך, פון ערגעץ וואו פון הימעל, האָט זיך ביז
דער ערד, פון דראָבנע טראָפּענדלעך רעגען, א דורכזיכטיגער טיול
אויסגעשפּרייט, און אין דעם דינעם רעגען נעבעל האָבען איבער
די קעפּ און די פנים'ער טויזענדער פאַקעלען געפלאַקערט. וויא
געלבליך־רויטע צונגען האָבען זיי זיך אין דערלופט געצויגען;
געפלאַקערט און געדרייבערט מיט אַ בלוי־גרינעם רויך; געברענט
און בעוועגט זיך זיג־זאַג און כוואַלענמעסיג מיט דער אונרוהי־
גער בעוועגונג פון דער ערד. זיי האָבען בעלויכטען דאָס
ריזיגע בילד.

פלאַגען האָבען געוועהט!...

פאָהנען און פעהנדלעך מיט רויטע און ווייסע שטרייפען און
בלאָע ווינקלען אין איין עק — בעשטערענט מיט ווייסע בלישצענ־
דיגע שטערענדלעך — האָבען געפלאַטערט אין דערלופט.

און דאָס פאָלק האָט געזובעלט . . . געפילדערט, געשריגען,
געיובעלט! . .

טויזענדער קולות — הייזעריגע און לוישערע, דינע טענאָרנע
און דיקע באַסאָווע, טענערשע גראָבע און דינע פרויען קוליבלעך,

האָבען פאַרהילכט דעם סקווער. זיי האָבען זיך געצויגען און פאַר־שפרייט אין דערלופט און האָבען זיך צונויפגעגאָסען אין ווילדע, בעגייסטערטע דיסאנאנס־געשרייען.

— אָהראַ... אָהראַ. אָהראַ!.. אָהראַ פאַר אונזער קאַנדי־דאַט... אָהראַ פאַר אונזער פרעזידענט... אָהראַ... אָהראַ... אָהראַ!..

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

און דאָרט איז ער געשטאַנען, אויף אַ גרויסען הילצערנעם באַלעמער, בעהאַנגען מיט זיידענע פלאַגען—רויט, ווייס און בלוי. וויא אין אַ ראַהם פון עלעקטרישע לעמפעלעך פון די פלאַגען קאָליערען, איז ער געשטאַנען—דער אָבגאָט פון פאָלק!.. אַ רוי־טער... אַ דיקער... אַ זאַטער... שטאָלץ און צופרידען; זיכער מיט זיין זיג!..

און ער האָט גערעט צום פאָלק—

געגליהט האָט זיין אויג. געפלאַמט האָט זיין פנים, געצוי־גען די ערדה צו זיך האָט יעדער בליק און בעוועגונג.

געצויגען, געָרופען, געלאַשצעט, גענאַרט!..

און דאָס פאָלק האָט געיובעלט — ער האָט בעגייסטערט דאָס פאָלק.

גערייצט אין דער חיה די תאוה צו לוסט און צו שפיעל. גליק איהר אין לעבען פאַרשפראָכען — יאָהרען גוטע און פיעל.

און דאָס פאָלק האָט געיובעלט!..

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ער אויך איז געשטאַנען, פון הינטען אַ בלייכער, אַ דאַ־

רער אַניעלטערער מענש. פאַרוויקעלט אין שמאַטעס, מיט שטריק־
לעך געבונדען די שיך; פאַרוואַקסען מיט גרויע צושויבערטע האָר;
פאַרהונגערט, פאַרנעצט פון דעם רעגען, דערפראָרען פון קעלט—
האָט זיין נאַקעט לייב, אָהן אַ העמד, אונטער די שמאַטעס
געציטערט!

דאָך האָט אין זיין אויג אויך אַ פייער געברענט. ס׳האָט
די נשמה געצויגען אַהין — צו דעם פאָלק — צו דעם אָבגאָט
פון פאָלק...

ער אויך, דער פאַרהונגערטער, — ער אויך האָט געגלויבט
אין יאָהרען גוטע און פיעל.

ביי איהם אויך, דעם פאַרפראָרענעם, האָט די תאוה גע־
גליהט צו לוסט און צו שפיל

אָבער ער האָט ניט געשריגען. ער האָט ניט געיובעלט...
ער איז ניט בכּח געוועזן.

צו שוואַך און פערהונגערט איז ער געוועזן, און אונמעכטיג
איז ער געשטאַנען.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אויף דער ערד איז אין רינשטאָק אַ שטיק פון אַן עפּעל גע־
לעגען. פון רעגען געווייקט... פאַרפוילט... דער אַלטער פאַר־
הונגערטער מענש האָט דעם שטיק פון דעם עפּעל דערזעהען —
און ס׳האָט אין די אויגען זיך ווידער פאַרשפּרייט אַ הונגער
פלאַם! — פון וועלפישע אויגען־פינקען צוניפגעשמאָלצען...

און ער האָט דעם עפּעל גענומען, און האָט איהם אַ שטאַר־
קען טרייסעל געטהון: דעם שטעמפּעל פון רינשטאָק האָט ער
פאַרוואַרפען געוואָלט. ער האָט איהם געביסען... גענעסען...

געקוויקט זיך מיט איהם... און ער האט אפנים כחות—נייע—געקראָגען...

הויך האָט ער די האַנט מיט דעם עפּעל געהויבען... און זי האָט געפלאַטערט, געוועהט אין דער לופט וויא אַ פאָהן.

און ער האָט געוועהט מיט דעם עפּעל—און איז צו דעם פּאָלק געגאַנגען.

דאָס פּאָלק האָט געיובעלט!

און די בוואַליע, די שטאַרקע, פון פּאָלק האָט איהם פערשלונגען—און ס'האָט איהם געצויגען די מאַכט פון דער ערדע—זיג־זאַג געטראָגען, געוויגט איהם אַהין צום אָבגאָט פון פּאָלק.

ער וואָלט ניט געקענט צוריק געהען, אפילו ווען ער וואָלט געוואָלט. און ער האָט ניט געוואָלט... אין איהם האָט געברענט די נשמה... מיט התלהבות... און ער האָט געשריגען... געפילדערט... געיובעלט וויא אַלע!..

געגערעט האָט דער אָבגאָט. גערעט און גערופען, געצויגען דאָס פּאָלק.

און ער האָט בעגייסטערט דאָס פּאָלק.

גערייצט אין דער חיה די תאוה צו לוסט און צו שפּיל.

גליק איהר אין לעבען פאַרשפּראָכען—יאָהרען גיטע און פיהל

און דאָס פּאָלק האָט געיובעלט!..

די פלאַגען האבען געוועהט אין דערלופט, די פאַקעלען האָבען געברענט וויא געל־רויטע צונגען—געברענט און גערויכערט—און האָבען בעלויכטען די טויזענד קעפּיגע ערדע, אין דעם דינעם טיול געפלאַכטען און געוועבט פון דעם רעגען נעבעל.

# בַּיים יַם

די זון האָט זיך שוין געזעצט. די ברענענדיגע היטץ וואָס
האָט דעם גאַנצען זונטאָגדיגען טאָג געפּלאַגט און אויסגעמאַטערט
יעדע בעשעפעניש אין דעם תהום-נו=יאָרק—האָט שוין נאָכגעלאָזט.
אַ קיהל ווינטעל האָט געבלאָזען פון דעם ים און האָט דערפרישט
די מענשען און די חיות. דער גרויסער עולם וואָס האָט זיך צו=
נויפגעקליבען אין דער זומער-שטאָט, אויף דעם אינזעל נעבען
נו-יאָרק, האָט זיך איצט אין קליינע גרופּעס פון מענער, ווייבער
און קינדער געצויגען פון דעם ברעג ים איבער די גאַסען פון דער
שטאָט צו יענעם לעבעדיגען טהייל וואָס איז געווען בעלויכטען
מיט מיליאָנען עלעקטרישע ליכט. דאָרט האָט געזאָטען דאָס לע=
בען און געפינעט די לוסט. דאָרט האָט מען געקענט אַ פּאָר שעה
פריילין פאַרברייננגען. גראָב אפילו, ציניש, אונגאַטירליך, אָבער
דאָך אונטערלעבען: טאַנצען און שפּרינגען אין די גרויסע בעלויכ=
טענע טאַנץ=זאַלען, דרעהען זיך אויף קאַרוסעלען אונטער דער
גרילצענדיגער מוזיקע פון שאַרמאַנקעס, לאַכען און שפּאַסען, בע=

זוכען צירקען און פאַנאָראַמעס, זעהען ווילדע חיות, און איינהאַנד־לען לעבעדיגע סחורה. דאָרט האָט מען געקענט אַ פּאָר שעה לע־בען, לאַכען, איבערגעבען זיך צו אַלע הענוגים פון לוכט און ליבע, רייצען די נערווען, טרינקען און הולען... און דער עולם האָט זיך געצויגען איבער די גאַסען—אַהין.

ביים ברעג זיינען געבליבען די פאַרשפּעטיגטע געסט און די זומער איינוואוינער. דאָ איז געווען קיהל און גוט. דאָ האָט מען געקענט פריי אָטעמען די פרישע, מונטערע ים־לופט. עטליכע מענער און פרויען האָבען זיך נאָך געבאָדען אין ים, געשטיפט, געפּליאָסקעט זיך, געשריגען און געשפּריצט זיך מיט די גרויסע כוואַליעס. אונטערשפּרינגענדיג ווען אַ כוואַליע איז אָנגעקומען, האָבען זיך די שטיפער באַלאַנסירט אויף איהר רוקען וויא אויף אַ גרויסען אָנגעבלאָזענעם פּוכיר און זיינען גערש ואומען, געגליטשט זיך און געהוידעט זיך מיט איהר אויף דער ברייטער אויבער־פלאַך פון דעם וואַסער—און האָבען געלאַכט און געשטיפט. אָבער אפילו זיי האָבען געהיילט צו ענדיגען דעם ספּאָרט און גיכער פאַרלאָזען דעם ברעג.

אויף דער ווערענדע פון דער גוטסקאָוס זומער־הויז—וואָס האָט אַרויסגעקוקט אויף דעם אָפענעם ים—האָט אַ חברה פון דער פאַמיליעס פריינד טעה געטרונקען. די חברה האָט לעבעדיג געשמועסט, גערעט, דיסקוטירט; גוטמוטהיג געקריגט און גע־ווערטעלט זיך. די לעפעלעך אין די גלעזער פון די טעה־טרינ־קער האָבען געקלאַפּט און געקלונגען, די שטוהלען אויף דער ווערענדע האָבען זיך אַלע מאָל אַרומגערוקט, איניגע פון דער חברה זיינען אַרומגעגאַנגען, אַנדערע זיינען געזעסען אָנגעשפּאַרט אָן די פאַרענצעס. זעלטען ווען חברה האָט איינציגווייז גערעט,

מעהרסטענטהייל האָבען עטליכע , און אַמאָל האָבען אַלע אין איי־
נעם גערעט , געלאַכט און געשריגען .

ליליע , די יונגערע טאָכטער פון די גוטסקאָווס , האָט עָפּעָס
געפלאַנעוועָט . אין איהר לעבעדיגען בעגייסטערטען טאָן האָט זיך
געפילט אַנ׳עקשנות . אָבער דער אלטער אברהם האָט ניט נאָכ־
געגעבען . איהם , דעם עלטערען און קליגען מענשען , מיט דעָם
עהרליכען , ניכטערען בליק אויף דער וועלט , האָט די גאַנצע זאַך
פאַרדראָסען .

— סעאַנסען , גייסטער — האָט עָר זיך געבייזערט — אָנ־
שטאָפּען די יונגע מוחות מיט נאַרישקייטען .

— פאַר וואָס איז דאָס נאַרישקייטען ? האָט געלאַסען גע־
פרעגט „צדק” בראַפמאַן — אַ מענש פון אַ יאָהר 40 — אַנ׳אַלטער
בחור , וועמען די חברה האָט געגעבען דעם צונאָמען „צדק” דער־
פאַר וואָס ער האָט נאָך ניט חתונה געהאַט . — עָס איז אַנ׳עקספּע־
רימענט , וויא אַלע עקספּערימענטען .

— און מיר וועלען איהם מאַכען , איהר וועט זעהען — האָט
ליליע איבערגעָשלאָגעָן — מיר וועלען אָברוקען דעם טיש אַהין ,
דעם קיילעכדיגען טיש וועלען מיר שטעלען אין מיטען ; מיר ווע־
לען אַרויפציהען די לאַמפּע אינדערהויך — פאַרציהען זי — און עָס
וועָט ווערען פינסטער , אַזוי פאַנטאַסטיש פינסטעָר , העָר לעָאָן ,
קיים־קוים וואָס מען וועט זיך קענען זעהען . דער דאָקטאָר האָט
צוגעזאָגט אַז מיר וועלען עס היינט מאַכען . — מען האָט געזעהען
אַז איהר געפעלט דער פּלאַן .

לעאָן , צו וועמען זי האָט זיך אָקאָרשט געוועָנדעט , האָט
געמישט זיין טעה , האָט קאָקעטיש געָקוקט אויף איהר און האָט
שטיל און שפּאָטיש געלאַכט .

נו, נו, מאַכט, מאַכט...
ווערט איהר מאַכען,
וועל איך לאַכען...

האָט זיך ביי עם אַראָבגעגליטשט פוּנ׳ם צונג. און ער האָט זיך צוּ-לאַכט. — ליליצקע, טייערע, איהר זייט נאָך אַ... קינד, האָט ער געוואָלט זאָגען, האָט זי איהם אָבער פאַרשטעלט מיט איהר האַנט דאָס מויל.

— איהר זיינט אַנ׳אונגלויבער... אַ שלעכטער. — לעאָן איז געוואָרען לעבעדיגער. און זיינע אויגען האָט אַ שפּיל געטהון אַ מונ-טערער שטראַהל. ער האָט אָנגעכאַפּט איהר האַנט מיט זיינעביידע הענט און זי שטיפעריש אַ קוש געטהון און האָט עקספּראָמ-מאָם ריפּמירט:

ווערט איהר גלויבען — יענעם לויבען
וואָס ווערט קונצען מאַכען;
וועל איך פון דערווייטענס שטעהען,
קוקען וועל איך — אַלעס זעהען
און וועל פון אייך לאַכען...

— אַההה... האָט ליליע וויא אַ געפּעסטעטע קינד קאָקע-טיש זיך געבּרוגז׳ט און האָט איהם מיט דער האַנט שפּילעריש גע-פּאַטשט איבער די ליפּען. לעאָנען האָט עס אפנים הנאה געטהון; עס איז מעגליך אַז ער האָט זי ניט פיינט געהאַט, און חברה האָט בעשטימט אונטערגעריכט, אַז זיי האַבען זיך ביידע ליעב און ווע-לען געווים חתונה האָבען.

לעאָן איז געווען אַ מערקווירדיגער יונגער מאַן. אַ מענש פון אַ יאָהר 30, איז ער מיט עטליכע יאָהר צוריק געקומען פון רוס-לאַנד מיט די פרייסטע אידעען און אנזיכטען אויף דעם לעבען און

מענשען. צו ער האָט אין רוסלאַנד גענומען אַנטהײל אין דער בעפרײאונגס בעװעגונג, צו ניט — האָט מען ניט געװאוסט. זיכער אָבער, אַז זײנע איבערצײגונגען האָבען זיך בשום אופן ניט אײנגע־פאַסט אין די רעמלאַך פון קײנער פון דאָרטיגע פאַרטײען.

אַ הויכער, ברײטבײנערינער, פעסטגעבויטער יונגער מאַן מיט גוטע מילדע אויגען און אַנ׳אויסדריק פון אַ שטאַרקען װילען אויף דעם שײנעם געגאָלטען פנים, פלעגט ער זיך תמיד האַלטען פרײ, גרינג, אונגעצװאונגען; פלעגט תמיד רײדען שײן, פליסיג, אַזוי עהרליך גלאַט פון דער נשמה, אַז ער פלעגט פון דער ערשטער מינוט אָן מאַכען אַ זעלטען גוטען אײנדרוק אויף יעדען מענשען מיט װעמען ער האָט זיך בעגעגענט. ער איז געװען אַנ׳עכט געבילדעטער, אינטעליגענטער מענש, און האָט גאָרניט אויסגעזעה־ען װיא אַ אידישער דיכטער — אַ דארינק אײנגעהױקערט נעבעך׳ל מיט אַ גרין פנים און אויסגעדאַרטע גלידער. ער איז געװען אַ גע־זונטער, שטאַרקער יונגער מאַן, פול מיט שטיפעריש לעבען, און האָט פונדעסטװעגען אָהן אַ שום ספק געהאַט אַ היבשען דיכטערי־שען טאַלאַנט. אַ חוץ דעם איז ער געװען אַנ׳אויסגעצײכענטער עלעקטראָטעכניק, און האָט דאָ געפונען אַ שטעלע בײ עדיסאָנען אין דער פאַבריק. ער האָט גוט פאַרדינט, און זײן פרײע צײט האָט ער פאַרבראַכט אין לעזען, שרײבען, דיכטען, שטיפען — לעבען — װיא ער האָט עס גערופען. ער האָט אַלצדינג אָבגעלײקענט.

— די װיסענשאַפט — פלעגט ער זאָגען, װען חברה האָט זיך געהיצט און בעװיזען עפעס „װיסענשאַפטליך" — די װיסענשאַפט געפינען אויס די קלוגע צו שרעקען מיט איהר די נאַראָנים...

— די רעגירונג!.. אַה, דאָס איז אַ פּאָרטעל פֿון די שטאַרקע צו האַלטען אין צוים די שוואַכע!..

די געזעלשאַפט... יאָ, און ער פלעגט זיך פאַרטראַכטען — זי איז אפילו נאַטירליך, נעהטיג, אַ גוטע זאַך... אָבער... זי קאָסט דעם מענשען צו טייער. זי וועט זיך ערייטט דעמאָלט לוינען— ווען זי וועט גאָרניט קאָסטען!..

— אַך, די קונסט — חאַ... חאַ... חאַ... פלעגט ער זיך צעלאַכען און לאַכען מונטער, לעבעדיג, פֿון דער גאַנצער ברוסט — די קונסט בין איך אַליין. איך בין אַ קונסטווערק, געשאַפען פון דער נאַטור און פון דעם לעבען. און איך בין אַ קינסטלער — איך שאַף די נאַטור און דאָס לעבען... יאָ, יאָ... די נאַטור און דאָס לעבען, זאָלט איהר עס וויסען. קענט איהר מיך געניסען — געניסט וויפיל איהר ווילט. איך—איך געניס די נאַטור און נעם פון דעם לעבען אַלץ וואָס מיין האַרץ געלוסט. און מען קען ניט זאָגען: לעאָן פלעגט אָפט קענען בעצויבערען. ער פלעגט פּראַכט־פאָל דעקלאַמירען, און, ווי יעדער פּאָעט, פלעגט ער דעקלאַמירען זיינע אייגענע פערזען. אַביאָל פלעגט ער עקספּראָמטאָס דעקלאַמירען. און אויב ניט תמיד האָט זיך איהם איינגעגעבען אַזאַ דעקלאַמאַציע, האַבען דאָך מערסטענטהייל זיינע פערזען געהאַט אַ שיינעם מעלאָדישען קלאַנג, און פלעגען זיך אויסגיסען אין גרינגע ריטמישע וועללען, אין וועלכע עס האָט זיך געהערט אַן עכט לירישע זיסקייט.

— לעאָן, לעאָן, זייט דאָך גוט—האָט איהם איצט ליליע געפאַטשט איבער די ליפּען און האָט איהם קינדעריש, ליבליך געבעטען.

— דאָקטאָר אַ יאָ מיר ווערלען היינט מאַכען דעם סעאַנס? האָט זי דעם דאָקטאָר געפרעגט.

— אויב איהר ווילט — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט אין ענגליש און האָט אַרויסגעהייבען זיין טונקעל, דאַר פּנים מיט די שוואַרצע אויגען פון דער צייטונג וועלכע ער האָט געלעזען. אין זיינע אויגען האָט געבלישטשעט אַ שאַרף, קרענקליך פייער. זייט זיין פרוי איז געשטאָרבען האָט דער דאָקטאָר פאַרלאָזט זיין גרויסע פּראַקטיקע און האָט זיך געלאָזט איבער דער וועלט. ער האָט געזוכט אַ מקום מנוחה פאַר זיין קוואלענדער נשמה — און האָט עס ניט געפונען. ער האָט זיך אומגעקערט צוריק קיין נױ-יאָרק אַ גלויביגער אין ספּיריטיזם, אין גייסטער, און מעדיומען. דאָס האָט איהם, וויא עס ווייזט, אויסבעפרידיגט, עס האָט איהם געגעבען דעם גלויבען, אַז ער קען זיך פאַראייניגען מיט דעם גייסט פון זיין פרוי, וועלכע ער האָט אַזוי ליעב געהאַט. ווען ער האָט גערעדט פון גייסטער און מעדיומען, האָבען זיינע טיפע אויגען געפלאַקערט וויא ביי אַ האַלבען משוגענעם. די מוסקולען פון דעם פּנים האָבען געשפּילט, געציטערט און געצוקט, און דער גאַנצער גוף פון דעם נידעריגען אויסגעדאַרטען מענשען איז אויף איין מינוט ניט רוהיג געווען. גערעדט האָט ער גיך, געשלונגען די ווערטער. אַ דורך-און-דורך אַסימילירטער אַמעריקאַניש-אונגאַרישער איד׳ האָט ער גאָר אָבגעלייקענט אינגאַנצען אַז עס איז דאָ אַ אידיש פאָלק, אַ אידישע נאַציע, אַ אידישע שפּראַך.

— וואָס גיכער אידען מיט אַלע זייערע מיעסע זשאַרגאָנען וועלען פערשווינדען ווערען פון דער וועלט — פלעגט ער אויפגערייצטערהייד שרייען — וועט אַלץ בעסער זיין פאַר אַלע נאַציאָנען און פאַר זיי אַליין אויך.

חברה האָט ניט תמיד אויסגעהאַלטען צו פאַרשווייגען איהם. און לעאָן, וועלכער האָט געהאַלטען, אַז ווען עס וואָלט ניט גע־ ווען קיין אידיש פאָלק, וואָלט מען עס געמענט בעשאַפען, און ווען עס וואָלט ניט געווען קיין אידישע שפּראַך, וואָלט מען זי געדאַרפט בעשאַפען; לעאָן, וועלכער האָט געהאַלטען, אַז רעדען און שרייבען און דיכטען דאַרפען אידען אויף אידיש, פונקט וויא די דייטשען אויף דייטש און די ענגלענדער אויף ענגליש, ווייל פעלקער און שפּראַכען ווערען בעשאַפען אויף דער וועלט פון דעם לעבען אַליין— אָהן דעם „הער דאָקטאָרס" ווילען — לעאָן פלעגט זיך פשוט אויס־ לאַכען פון איהם. אָבער אַריינגעהען מיט דעם דאָקטאָר אין אַ וויכּוח איז געווען אַן׳אמת׳ע סכּנה. דיסקוטירען מיט איהם האָט געהייסען צעקריגען זיך מיט איהם און בריינגען איהם צו דער העכסטער מדרגה פון כּעס—און אַמאָל טאקי האָט עס געקענט פירען צו אַ סקאַנדאַל. און אַלע פון דער חברה ביי די גוטסקאָווס פלעגען עס אויסמיידען. דאָך פלעגט לעאָן ניט תמיד אויסהאַלטען. אַמאָל פלעגט זיך איהם פאַרגלוסטען אַ רייץ טהון זיך מיט דעם דאָקטאָר פאַמעלאַך, געלאַסען זיך רייצען מיט איהם...

— הער דאָקטאָר, היינט סעאַנסירען מיר. — האָט ער שפּאָטיש געזאָגט — מיר רופען אַרוים די גייסטער; מיר פאַראייני־ גען דאָס מאַטעריעלע—דעָם וועלט-שטאָף מיט דעם גייסטיגען— דער וועלט זעעלע...

דער דאָקטאָר האָט אַ בייזען קוק געטהון אויף איהם. ליליע איז געווען שטאַרק אונצופרידען. זי האָט קאַפּריזנע אַ טופּע געטהון מיט דעם פוס און האָט אויסגעשריגען

— סטאַפּט, הערטאויף—לעאָן!..

לעאָן האָט איבערגעביטען זיין איראָנישען טאָן. — אָה, איה־

זייט אויך ערענסט—און ער איז איינגעשלאָפֿן. ער איז צוגעגאַנ-
גען צו איהר, האָט זי אַרומגענומען אַרום דעם האַלז-און-נאַקען
און האָט צוגעדריקט איהר קאָפּ צו זיין שטאַרקער ברוסט. ער
האָט זיך געוויגט מיט איהר אַ סעקונדע און האָט ווייך און זים
דעקלאַמירט.

ליליע, ווייסע ליליע, שטאַרק וויא צויבער איז דיין געדוך
שמעקט וויא בשמים מיר און רייצט מיך,
ליבען האַרציג, קוסען דיך...

* * *

אויף דעם ים, דאָרט, שלאָגט די כוואַליע
דעם ווייסען שאָהם מיט ווילדער מאַכט;
און מיין נשמה רעגט דער ווילען,
דיך בעזיצען אין דיין פראַכט.

* * *

דיינע בלעטלעך ווייסע ווינקען
מיר מיט ליבע לוסטיג צו.
אַך, מיין נשמה וויל איך טונקען
אין דיינע בשמים דאָ!...

ליליע האָט זיך געריסען פון איהם. איהר קינדעריש פּנים
איז שעמעדיג רויט געוואָרען. זיינע אויגען האָבען געפלאַמט און

שמייכעלדיג געקוקט אויף איהר... און האָבען זי פאַרצערט. חברה האָט לוסטיג און פריילין געלאַכט. דער דאָקטאָר האָט איך געקוקט אויף לעאָנען און האָט דאַבטזיך בעוואונדערט די פרייע, לעבעדיגע בעוועגונגען פון דעם קרעפטיגען יונגען מאַן.

מאַדאַם גוטסקאָיו האָט אַריינגעבראַכט טעה. מיט איהר איז אויף דער וועראַנדע געקומען מאַריע, זי האָט געטראָגען פרעזערווס, ביסקוויטס און אָנגעשניטענע שטיקלעך לימענע.

— מאַמאַ — האָט זיך ליליע, וויא אַ געבאַלעוועט קינד, געקלאָגט — הער לעאָן „בעהייבט זיך ניט גוט...

מאַדאַם גוטסקאָיו האָט זיך איינגעבייגען איינצושטעלען די טעה אויף דעם טיש. זי האָט זיך נאָך ניט אויסגעגלייכט. אין דער פּאָזע האָט זי אַ דרייגעטהון איהר שיינעם קאָפּ און האָט אויף לעאָנען ליבליך געקוקט. לעאָן איז צוגעלאָפען צו איהר. ער האָט זי מיט די הענט אָנגענומען פון הינטען ביי די אַקסעל און האָט איהר שמייכלענדיג געקוקט אין די אויגען.

— אין איהר גלויבט דאָס, מאַדאַם גוטסקאָיו — האָט ער זי זיס און ווייך געפרעגט. זי האָט געשמייכעלט און האָט איהם אָנגעקוקט אָהן ווערטער.

זי איז געווען אַ ליבליכע, אינטעליגענטע — מיטעליאָהריגע פרוי. אין דער יוגענד איז זי געווען זעהר אַ שיינע. פון אַ רייכער אידישער פאַמיליע אין רוסלאַנד, האָט זי זיך ערצויגען אויף דער ליטעראַטור און אויף דעם לעבען פון די אַכציגער יאָהרען. איצט האָט זי שוין אַ צייט געלעבט אין אַמעריקאַ און די פריינדליכע בעזוכען פון דער אינטעליגענטער יוגענד אין איהר הויז זיינען איהר זעהר טייער געווען. עפּעס פלעגען זיי איהר דערמאָנען אין יענעם חלום׳דיגען לעבען פון אַ מאָל. דאָס לעבען וואָס

איז פאַרשוואונדען געוואָרען דאָ אין אַמעריקאַ, און פאַרשווינדענדיג האָט עס אויסגעמעקט יענע שיינע האָפנונגען און אידעאַלען פון איהר יוגענד. און אפשר האָט זי נאָך דערביי אַנ׳אַנדער מיין געהאַט. זי האָט געהאַט צוויי דערוואַקסענע — כּלה־מיידלעך. און ליליע — איהר טייערע ליליע — ווער ווייסט צו וועמען אין די הענט זי וועט אַריינפאַלען... וויא אַלע פון איהר דור, עמיגראַנטען, האָט מאַדאַם גוטסקאָוו ווייניג געהאַלטען פון דעם יונגען, אידיש־אַמעריקאַניזירטען דור. אָט, לעאָן... דאָס וואָלט געווען גאָר אַנאַנ־דער זאַך!..

און מאַריע? ווער איז מאַריע געווען?

קיינער האָט ניט געוואוסט. עפּעס האָט זיך אַרומגעטראָגען אַ פּזכון אַז אין אָנהויב זומער האָט זי אַ כּומע איהרע — אַ נאַרוועגישע פרוי — געבראַכט אַהער און האָט זי פאַרדונגען אין דעם בּישכנות׳דיגען האָטעל צוצודינען די געסט ביים טיש, וואַשען געפּעס און טהון אַנדערע קלענערע דינסט־אַרבּייט. אָבער באַלד האָבּען אַלע בּעמערקט אַז ניט איהר אויסזעהען, ניט איהר בּענעמען זיך — ניט דער גאַנצער נפש פון מאַריען איז געווען דאָס אויסזעהען און בּענעמען זיך פון אַ דינסט־מיידעל. דאָס האָבען אויך בעמערקט די גוטסקאָווס קינדער און האָבען זיך בּעפּריינדעט מיט איהר. פון דעמאָלט אָן האָט מאַריע פאַרבּראַכט איהר פרייע צייט — עטליכע וואָכען אין וואָך און די האַלבּע זונטאָגען צוויי מאָל אין חודש מיט איהרע פריינד.

זי פלעגט העלפען דער מאַדאַם גוטסקאָוו, העלפען די קינ־דער, דערלאַנגען טעה די געסט, שטיפען מיט זיי און שפּאַסען מיט זיי וויא אַ קינד. און זי איז בּיסלעכוויז געוואָרען בּעפּריינדעט מיט אַלע. יאָ, זי איז געוואָרען דאָס ליבלינג קינד פון דער חברה.

און עס איז קיין חרוש גיט. אַ חברה יונגע לייט וואָס פאָהרט אַרויס זומער, אין די הייסע טעג, צום ברעג ים, איז געוועהנליך אין אַ דערוואַרעמטער שטימונג. עס ווילט זיך מיט דער פולער ברוסט אָטעמען די שטאַרקע ים לופט; עס ווילט זיך פריי ווערען פון אַלע צוואַנגען פון דעם שטאָטיגען ציוויליזירטען לעבען; עס ווילט זיך באָדען זיך, פליוסקען זיך אין דער וואַסער, שטיפען מיט די וועללען פון דעם ים און שטיפען מיט די וועללען פון דעם לעבען. אין אַזאַ חברה איז אַ שיין מיידעל אַ לעבעדיגער אָדער, אַ צאַפּלענדיג האַרץ, וואָס מאַכט ברייטער דאָס לעבען, טיפער, זיסער און עהרליכער דעם גענוס. און מאַריע איז געווען זעהער אַ שיין מיידעל — אַ יונג, אונשולדיג קינד. איהר שפּראַך האָבען אפילו די יונגע לייט ניט פאַרשטאַנען. זי האָט קוים-קוים ענגליש גערעדט און נור עטליכע ווערטער דייטש. פונדעסטוועגען האָט זיך חברה מיט איהר תמיד איינפערשטאַנען. געוויס, דאָס וואָס מען האָט איהר ניט געקענט געבען צו פאַרשטעהען מיט ווערטער, האָט איהר אַ וואַרעמער געפיל פון פריינדשאַפט דערקלערט. פון דער-היים איז זי זיכער ניט געווען קיין דינסט. זי האָט גיכער געמאַכט דעם איינדרוק אַז זי איז ערגעץ ערצויגען געוואָרען אין אַ מיידעל-שען פאַנסיאָן. זי האָט פאָרטעפּיאַנאָ געשפּילט, גאַנצע שטיקער פון נאָרוועגישער פאָעזיע אויסווייניג געקענט און האָט אויסגעצייכענט שיין געזונגען. איהר קוליכעל איז געווען אַ קליינס, אָבער אַ זיס און זי האָט מיט אַזוי פיל האַרץ, מיט אַזוי פיל נשמה געזונגען אַז — מען דאַרף זיך גאָרניט נאַרען — זי האָט די חברה בחורים אָפּטמאָל פאַרכיישפוט. איהר קלאָהר-ווייס, אײדעל-קינדעריש פּנים׳ל מיט די רויטע בעקעלעך, וועלכע זי האָט נאָך אין אַמע-ריקאַ ניט פאַרלאָרען, האָט תמיד געלעכט, געשטראַהלט. איהרע

טיפע, בלויע אויגען האָבען עפּעס תמיד גערעדט—אָט דאָס, וואָס
זי האָט מיט דעם לשון ניט געקענט דעררעדען. און דאָס איז תמיד
געווען עפּעס אַ לעבעדיגעס, אַ סודות'דיגעס, אַ זיס... אַזוי וויא
עס וואָלט זיך געבעטען—נעהם מיך, פליהע מיט מיר... איך וויל
אַזוי לעבען... און דאָך, דאַרף איך זיין אַ דיענסט...

אַמאָל פלעגט זיך אויך זעהען אַנ'ערענסטע, טרויעריגע שיין
אין דעם הינטערגרונד פון איהרע אויגען. און ווען זי פלעגט
זיך צוזינגען—איהר שטורמיש נאָרוועגיש ליעד—פלעגט זיך הערען
אַ ציטער אין איהר קול, אַזוי וויא ערגעץ טיף אין דער נשמה
האָט זיך אַ קרעבץ, אַ דערשטיקטער קרעבץ ארומגעטראָגען, און
האָט זיך צוברעקעלט אין די טענער פון איהר געזאַנג. דעמאָלט
האָבען אַלע געפיהלט אַ טיפען מענשליכען מיטלייד מיט דעם אָרי-
מען קינד.

ביי די גוטסקאָווס זיינען אַלע געווען איהרע פריינד. אָבער
ניט אַלע האָבען זיך גלייך פאַרהאַלטען צו איהר. מאַדאַם גוטסקאָוו
האָט זי ליעב געהאַט וויא אַ קינד, און פלעגט איף איהר מוטער-
ליך אַכטונג געבען. הער גוטסקאָיו האָט געקוקט אויף מאַריען
גלאַט אַזוי... אַזוי וויא אויף אַ שיין מיידעל. די קינדער האָבען
זי אמת ליעב געהאַט. פון די יונגע לייט, האָט זיך לעאָן פאַר-
האַלטען צו איהר וויא צו אַלעמען—לעבעדיג, פריי, אונגעשטערט.

— אַ שיין מיידעל — פלעגט ער זאָגען — גאָט'ס ברכה,
אָבער קינדעריש, נאַיוו... מאָמענטען-ווייז, פלעגט זי איהם, מיט
איהר זינגען אָדער מיט איהר קינדערשער שטיפעריי, בעגייסטערען,
און עס פלעגט זיך דעמאָלט אויסווייזען, אַז ער וואָלט זי געקענט
מיט זיינע שטאַרקע הענט אויפהויבען, אַ וואָרפטהון אין דערהויך,

און זי וואָלט געפֿליגען וויא אַ ווייסער, אונשולדיגער מלאך אינ־
דערלופט, און זיין גייסט וואָלט געפֿליגען מיט איהר און געטרוימט
און געזונגען פון איהר... — אַך, — פלעגט ער אויסשרייען, — וויא
שיין עס וואָלט געווען!...

פאַרשטאַנען און געשעצט אָבער האָט זי נור דער שוועד —
דער זינגער, אַרטיסט און מוזיקער. דאָס איז געווען אַ מאָדנער מין
מענש, אַ דאַ־ער מיט אַ לאַנג פארמעט פּנים, איינגעפאַלענע אױ־
גען און בלאָנדע לענגליכע האָר, פאַר וועלכע ער פלעגט אַזוי
פיעל אויסשטעהען פון די נו־יאָרקער גאַסען לױפערס *). ער איז
געווען זעהער אַ געבילדעטער, טאַלאַנטפֿולער אַרטיסט און מוזיקער.
תמיד פלעגט ער זיך גריבלען אין די סודות פון זאַכען. אין דער
מוזיקע וויא אין דער קונסט; אין דעם לעבען, וויא אין דעם מענש־
ליכען דענקען, האָט ער אַלץ געוואָלט געפינען דעם נרוגד, דעם
יסוד... אַמאָל פלעגט ער זיך וויא אַ טירטעל־טויב אַריינציהען אין
זיין אייגענער שאָלעכץ — אין זיין אייגענעם איך — דעמאָלט פלעגט
ער אַרומגעהען שטום, כמורנע, גרוי; אַזוי וויא אַ לאַנגער אויס־
געצוינגענער שאָטען פון אַ מענשען. אַנאַנדערסמאָל פלעגט זיין נשמה
זיך צוגיסען — ברייט ווערען — אַרומנעמען די גאַנצע וועלט און
דעמאָלט פלעגט ער אַרומגעהען אַזוי וויא שכור, כאָטש ער האָט
קיינמאָל ניט אַ טראָפּען צו די ליפען גענומען. ער אויך האָט זיך
ניט געקענט צוזאַמען לעבען מיט זיינע אַמעריקאַנישע שכנים, און
ער האָט זיך אַ באַזונדערע סביבה געפונען צווישען די אידישע
עמיגראַנטען. ביי די גוטסקאָוס האָט ער איינער געקענט מאַריעס
לשון און האָט פאַרשטאַנען איהר נשמה.

---

*) גאַסען יונגען.

— אַ גאָלדענע נשמה — פלעגט ער אָפּט אויסשרייען — אַ גאָלדענע, אַ ריינע.

אָבער ערענסטער און מיט אַ שטילער, טיפער ליבע האָט זיך פאַרהאַלטען צו איהר צדק בראַפּמאַן. ער האָט געוואוינט אין דעם האָטעל וואו זי האָט געדינט, און ער האָט געזעהען וויא פיעל זי האָט געליטען און איז אויסגעשטאַנען פון די געסט. די געסט האָבען זי פיינט געהאַט. די אויפגעקומענע גבירתות, וואָס וואוינען געוועהנליך אין אַזעלכע האָטעלען, פלעגען פשוט מורא האָבען פאַר איהר — טאָמער וועלען זיך חלילה זייערע מענער פאַרקוקען אויף איהר ווען זיי וועלען אויף זונטאָג קומען צו גאַסט צו זיי. און זיי פלעגען זיך נוקם זיין אין איהר, און שילטען די פאַמיליע גוטס-קאָווס דערפאַר וואָס זיי האָבען זיך בעפריינדעט מיט איהר — מיט אַ דיענסט-מיידעל.

אָפט פלעגען זיי זיצען אויף דער וועראַנדע פון דעם האָ-טעל — „די ליידיעס“ — בלישצען מיט זייער צירונג, מיט די גאָלדע-נע קייטען און זייגערס, מיט די רינגען אויף די פינגער און בראַס-לעטען אויף די הענט — דימענטענע אוירינגען און האַלז-בענדער פון פערעל — בערימען זיך איינע געגען דער אַנדערער מיט איהר רייכקייט און שילטען און בערידען די פאַמיליע גוטסקאָוו.

— אַ דיענסט-מויד אַריינגענומען — אַ קוקלעצקע, אַ שיין פּנים'על — איסגעדאַרט זאָל עס איהר ווערען.

— שיינע מענשען. אין אַ שטוב וויא מען דאַרף איינענע מיידלעך פאַרזאָרגען...

— און וואו בחורים קומען אַריין... אַ מאַמע, אַזאַ יאָהר אויף איהר...

— נישקשה... מען וועט איהר נאָך אין שטוב אַריינוואַר־
פען... דער רוסישער אַריסטאָק־אַטקע!..

און זיי פלעגען אויסגיסען זייער כעס אויף דער אָרעמער
מאַריע. ניט איין מאָל פלעגט זי אַראָבשלינגען אַ שטילע טרעהר.
צדק פלעגט עס זעהען. זיין האַרץ פלעגט צוגעהען פון ווייהטאָג
און רחמנות... און ער האָט מאַריען ליעב געהאַט. ער איז אָבער
געווען אַ רוהיגער שטילער קאַלטבלוטיגער מענש. אַסאַך יאָהרען
אין אַמעריקאַ, ניט קיין יונגער מאַן שוין — אַ בחור, אַליין, האָט
דאָס לעבען אויסגעאַרבייט ביי איהם אַ קאַלטען געלאַסענעם כאַראַק־
טער און אַנ׳אמת אַלט־בחור׳שען קוק אויף דעם לעבען. יעדער זאַך
האָט ער לאַנגזאַם, פאַמעלעך בעטראַכט, איבערגעלייגט, געוואוי־
גען. אין קיין זאַך האָט ער זיך ניט געהיילט, ניט געהיצט זיך.
אָפט טאַקי, זעהער אָפט פלעגט עד זיין רוהיג און געלאַסען וועגען
זאַכען, ווייל ער האָט זיך ניט בעשלאָסען צו מען דאַרף זיי טהון.
הברה פלעגט זיך לוסטיג מאַכען איבער איהם דערפאַר. זיי פלעגען
זאָגען אַז ער האָט נאָך ביז איצט ניט חתונה געהאַט טאקי נור
דערפאַר, ווייל ער האָט זיך נאָך ניט בעשלאָסען צו מען דאַרף
חתונה האָבען... אָבער צו מאַריען האָבען אַלע געוואוסט איז ער
ניט גלייכגילטיג. מען פלעגט איהם אָפט זעהען זיטצען מיט מאַרי־
ען שפעט ביינאַכט אויף די טרעפ פון דעם האָטעל. אין זיין
האַנט פלעגט ער האַלטען איהר שינע, ווייסע האַנט, און מיט דער
אַנדערער האַנט זיינער האָט ער איהר האַנט צארט און פאַמעלעך
געגלעט, און זיין רוהיגע געלאַסענע נשמה האָט זיך געפרייט, און
געקוואָלען שטילערהייד—אַ ליידענשאפטליכע הנאה האָט ער גע־
האַט, פונקט וויא ער וואָלט אין דעם גלעטען פון איהר האַנט
געפילט די נאָהענטסטע בעריהרונג פון איהר יונגען, געשמאַקפאָלען

קערפּער ... װײטער האָט ער זיך ניט ערלױבט... זי איז פֿאַר איהם צו הײליג געװען, ער—צו אנשטענדיג. און ער פֿלעגט רעדען מיט איהר, פּרואװען איהר געבען צו פֿאַרשטעהען װאָס פֿאַר אַ סכּנה עס איז צו לעבען דאָ, אין דעם זומער פּלאַץ, אַלײן... װיא גוט עס איז װאָס זי האָט זיך בעפֿרײנדעט מיט די גוטסקאָװס. דאָרט זײנען אַלע די אַנשטענדיגסטע מענשען, אָבער דאָ, אין האָטעל!.. ער פֿלעגט פּרואװען דערצײלען איהר װיא גליקליך ער איז װאָס ער װאױנט דאָ אין האָטעל. ער פֿלעגט איהר ממש זאָגען אַז... אָבער זי פֿלעגט איהם ניט פֿאַרשטעהען.

װען זי פֿלעגט רעדען װעגען ליבע, פֿלעגט זיך אין איהרע בלאָע אױגען אָנצינדען אַ בלױליך פֿײער׳ל — און ליבע פֿלעגט בײ איהר הײסען חתונה האָבען. פּשוט טאַקי געהען צו אַ שופט אָדער אַ דין און חתונה האָבען, װיא גאָט האָט געבאָטען און װי טאַטע מאַמע װאָלטען געװאָלט... און צדק פֿלעגט זיצען מיט איהר שפּעט; גלעטען איהר װײך, װײס הענטעלע; רעדען צו איהר װעגען ליבע און פֿרײנדשאַפֿט, װעגען דער סכּנה פֿאַר אַ יונגער, שײנער מײדעל אין די האָטעלען פֿון אַ זומער פּלאַץ, און פֿיהלען זיך גליקליך... גליקליך, איבער גליקליך...

* * *

װען מאַריע איז אַרײנגעקומען מיט מאַדאַם גוטסקאָװ, איז ליליען אײנגעפֿאַלען אַ נײער געדאַנק—און זי האָט אַביסעל איבער־געאַנדערשט איהר פּלאַן.

— פֿריהער װעט מען עסען. יאָ, — האָט ליליע אױף דאָס בײ געפּלאַנעװעט — נאָך דעם װעט מאַריע זינגען. אפשר װעט

איהר איהר העלפען — האט זי זיך פלוצלונג א דריי געטהון צום שווער, וואס האט פאראינטערעסירט גערעט מיט דעם דאקטאר וועגען גייסטער.

— געווים — האט דער שווער געענטפערט צעטראגען, ניט וויסענדיג וואס און ווען.

— אך, וועט זיין גוט — האט זי זיך געפרייט — דערנאך ערשט וועלען מיר מאכען דעם סעאנס.

— פראכטפאל!.. האט זי ענטוזיאסטיש צוגעפאטשט מיט די הענט. — הער לעאן, איהר וועט זיך ניט אויסדרייען. איך איך צו להכעים וועט איהר מיט אונז „סעאנסירען" — האט זי זיך מיט לעאנען גערייצט.

— נו, מאלט איך, דאס ניט... האט לעאן גוטמו־טהיג געלאכט.

— איהר וועט, איך אויך צו להכעים... איהר וועט... האט זי זיך גערייצט מיט איהם און איז אנטלאפען. לעאן האט זיך אלאז געטהון צו כאפען זי. מאראם גוטסקאוו האט מסכים געווען צו דעם פראגראם, און צדק האט געהאלטען מאריעסביידע הענט און האט איהר שטיל ערקלערט וועגען וואס עס האנ־דעלט זיך דא.

* * *

מאריע האט שוין אבגעזונגען. איהר שיין לויטער פנים האט געפלאמט, איהרע אויגען האבען געלויכטען וויא די פאספאר פונקען פון דעם שאהם אויפ'ן ים. די געסט זיינען געווען בע־גייסטערט פון איהר זינגען און האבען איהר הילכיג אפלאדירט.

צדק איז געזעסען שטיל מיט אַ געמאַכטער רוהיגקייט און האָט פאַרדרייט און אָבגעדרייט דאָס קייטעלע פון זיין זייגער אַרום זיין פינגער. אָבער אין זיין נשמה איז ניט רוהיג געווען. פון צייט צו צייט האָט ער זיך נערוועז אַ הייב געטהון; שטיל, גנב׳יש אויפגע־הויבען די אויגען און אַ קוק געטהון אויף מאַריען. אַ מאָדנער קוק איז דאָס געוועז. זיינע אויגען—תמיד קלאָהרע, געלאַסענע, אין וועלכע עס האָט זיך אָבגעשפיגעלט דער רוהיגער שכל פון אַ קאַל־טען מענשען—האָבען איצט געקוקט אויף מאַריען מיט אַ בנעימות׳־דיג שטיל פייערל.

— מאַריע, וועהע... האָבען זיי דאַכט זיך געזאָגט און האָ־בען ניט דערערדט...

אויך לעאָן איז געווען אין אַ דערהויבענער שטימונג. זיינע פרייע אונגעצוימטע בעוועגונגען, זיינען דאַכט זיך נאָך פרייער געוואָרען. ער איז צוגעגאַנגען צו מאַריען, האָט זי פעסט אָנגענומען ביי די הענט און האָט זיי געדריקט.

— גוט, גוט... האָט ער זיך געקוויקט מיט ענטציקונג. און מיט זיין געוויינליכער גרינגקייט, האָט ער זיך איינגעבויגען, גליך וויא ער וואָלט מיט דער רעכטער בעפרייטער האַנט געוואָלט זי אַרומנעמען אַרום דער טאַליע. ניט אָנרידהרענדיג זיהאָט ער איבערגעבויגען זיין גרויסען שטאַרקען גוף איבער איהר קליינער פיגור, האָט ליבליך געקוקט איהר אין די אויגען און האָט דעקלאַ־מירט „די ליליע״. אָבער שוין ניט יענעם טעקסט וואָס ער האָט פריהער דעקלאַמירט. יענע פרעזען האָט ער שוין פאַרגעסען.

ליליע, ווייסע ליליע מיינע—קום צו מיר, נו, קום...

האָט ער דעקלאַמירט.

איך וועל דיך האַלזען, קושען וועל איך, שמעקען דיין
פּאַרפיום...

דו — די בלום ביסט, איך — די ביהן, קום — זשע,
ליליע, קום,

ליבען וועל איך, שעצען וועל איך, דיך — מיין
הייליגטהום!..

מאַריע האָט ניט פאַרשטאַנען די ווערטער. נור עפּעס האָט
זי דערפּהילט אַ מעכטיגע קראַפט איבער זיך — אַ ברענענדיגען אָטעם.
איהר האָט זיך געדאַכט אַז זי פּיהלט די בעריהרונג פון אַ גרויסען
שטאַרקען מענשען פול מיט לעבען, און די קראַפט האָט זי פאַר=
שכּורט... זי האָט זיך איינגעבויגען, צונויפגעקאָרטשעט און האָט
געפילט, אַז עפּעס האָט זי געצויגען צו איהם. צדק האָט פון זיי
קיין אויג ניט אַראָבגעלאָזט. דאַכט זיך, יעדער וואָרט האָט איהם
וויא אַ גליהענדיגע קויל געבריהט, און ער האָט נערוועז געדרייט
און אָבגעדרייט דאָס קיטעל פון דעם זייגער אויף זיין פינגער.
קיינער האָט דאָס ניט בעמערקט. אַלע זיינען געוועזן פאַרטהון אין
דעם צוגרייטען זיך צו דעם סעאַנס.

ליליע האָט ווייטער געפלאַנעוועט. אַלע האָבען געפאָלגט
און געטהון. זיי האָבען צערוקט די טישען. צעשטעלט די
בענקלעך.

— לעאָן, נו? מאַריע — דעם לאָמפּ — אַזו, העכער... גוט.
האָט זי בעל=הבת׳מעוועט.

— מאַמאַ, קומט שוין אַריין — האָט זי געשריגען — דאָקטאָר,
נו, וואָס הערט זיך?

— ווערט פאַרטיג — האָט ער טרוקען געענטפערט. ער האָט

זיך שטאַרק געווערטעלט מיט דעם אַלטען אברהמ׳ען. דער ערענס־טער, עהרליכער אַלטער איז שרעקליך בייז געווען, און עס איז צווישען זיי ביידע באַלד צו אַקריעג געקומען. לעאָן האָט זיך אַריינגעמישט.

— לאָזט איהם צו רוהע — האָט ער צום אַלטען גע׳טענה׳עט... איך האַלט מיט אייך, אָבער יעדער האָט אַ רעכט צו זיין משוגע אויף זיין שטייגער, און נאָך אין דער פרייער אַמעריקאַ!

— אָבער, העד לעאָן, די ווירקונג — די ווירקונג אויף יונ־גע קינדער, אויף דעם יונגען פאַרשטאַנד, מיט דעם שפּילט מען זיך ניט. — האָט זיך דער אַלטער ניט בערוהיגט.

— פאַרשטאַנד, פאַרשטאַנד... פּלאַפּעלט ער — וואָס ווייסט איהר פון דעם פאַרשטאַנד? האָט דער דאָקטאָר בייז, אויפגע־רייצט גערעדט.

— מילא, ער וויא ער — האָט זיך דער אַלטער געפּרופּט טרייסטען — וואָלט מען כאָטש איהר, דער מוטער געגענט דערקלע־רען. אָבער, געה רייד מיט איהר, אַז זי אַליין, דאַכט זיך, האָפט צו זעהען די מאַמע פון דעם קבר...

— הערט איהר, אָט דאָ טאַקי ליגט דער הונט בעגראָבען — האָט לעאָן געלאַכט — טאָ לאָזט זיי — און ער האָט מיט אַנ׳איינגענעם ניגון צוגעזונגען — „דוראַקאָוו ניע אובאָוויש וו׳ראָסיאי, אַ נאַ אומניך טאָסקו נאַוויעדיאָש!..״

אָבער דעם אַלטען האָט דאָס ניט בערוהיגט.

אין צימער איז כמעט אַלעס גרייט געווען צום סעאַנס. דער אַלטער אברהם האָט זיך אָבגעזאָגט צו פערבלייבען, און איז בייז אַוועקגעגאַנגען. אין דרויסען איז די לופט געווען קיהל און שטאַרק. עס האָט געוועהט מיט אַ שאַרפער פרישקייט פון

גרינס פון דעם ים. ער איז געבליבען שטעהען א פאר מינוט און האט מיט פארגעניגען איינגעאטעמט די לופט.

פונוויטען ביים ברעג איז געזעסען א שניי־ווייסע פיגור אויף אניאיבערגעקערט שיפעל. ער האט די פיגור דערקענט. דאס איז געווען דער אלטער גרייז — א זקן פון א יאהר 80, א געוועזענער שיפס־קאפי־טאן, וואס האט דא אין זיין איינען הייזעל דערלעבט זיינע יאהרען אין רוהע און אין פרידען. אלע האבען דעם אלטען קאפיטאן געקענט און אלע האבען איהם ליעב געהאט. דאס איז געווען א טיפישער אמעריקאנער אלטעטשקער מיט א ברייט גוט הארץ און קלוגע קליינינקע איינעלעך אונטער גרויסע ווייסע ברעמען. א ווייצלינג פון דער נאטור, תמיד פארטיג מיט א מעשה׳לע פאר קינדער און דערוואקסענע פון זיין גרויסער ערפאהרונג אין לעבען, איז ער נאך געווען גאנץ רירעווודיג אין לעבעדיג פאר זיין עלטער. ביים ברעג האבען איהם אלע גערופען „זיידע״ צו אלעמען איז ער פריינדליך געווען. מיט די קינדער פלעגט ער זיך שפילען וויא א קינד, מיט די דאמען איז ער געווען אניאידעלער קאוואליער, און מיט די מענער פלעגט ער ווייצלען זיך, פילאסאפירען אדער דערציילען זיי א מעשה. דער אלטער אברהם האט זיך געלאזט גיהען צו איהם. ער האט געטראכט—ער וועט אביסעל פארברייגען מיט׳ן אלטען קאפיטאן.

* * *

אין צימער איז געווען פינסטער. לעאן איז געשטאנען פון דערוויטענס אנגעשפארט אן דער טיהר וואס איז ארויסגעגאנגען אויף דער ווערענדא. אלע זיינען געזעסען ארום טיש און האבען

געהאַלטען די הענט אויף איהם. אין דערפינסטערניש האָט מען קיין איינציגען מענשען ניט געזעהען; נור אַזוי וויא אַ קיילעכדיגע צונויפגעגאָסענע מאַסע פון אַ געדיכטערען פינסטערען פלעק האָט זיך געפיהלט אין מיטען פון דעם צימער. ביי לעגען אין דער פאָרשטעלונג האָבען זיך אויסגעמאָלט די בעזונדערע סילועטען פון יעדען פערזאָן אַרום טיש. איהם האָט זיך אויסגעוויזען אז ער זעהט זיי — איינגעהויקערטע, אָנגעשטריינגטע. דאָס גאַנצע צימער איז געווען אָנגעפילט מיט אַ שוואַרצער מורא, וואָס האָט יעדען דורכגענומען. איין-און-איינציגער בלייכער שטראַהל פון ליכט האָט זיך דורכגעגנב'עט דורך דער אויבערשטער שפּאַרינג פון דער קיך-טיהר, וואו עס איז ליכטיג געווען.

דער דאָקטאָר האָט פאַרזאָגט אַז יעדערער ביים טיש זאָל טראַכטען נור פון דעם וואָס מען האָט געפרעגט ביי דעם גייסט, און אַלע האָבען צוגעזאָגט צו פאָלגען. אָבער נאָך אַ פּאָר סעקונדען נור האָט שוין יעדערער דערפיהלט וויא שווער עס איז — יעדערער האָט דערפיהלט די פינסטערגיש און עס איז כמעט אונמעגליך געווען צו פאָלגען דעם בעפעהל. ליליען האָט זיך די פינסטערניש געפלאַנטעט אין די געדאַנקען. „וויא אַזוי זעהט אויס די מאַמאַ אין דער פינסטער"? האָט זיך איהר פאַרגלוסט צו וויסען. „וואו שטעהט לעאָן"? און וויא אַ פאַרשייט קינד האָט זי זיך אַליין אויסגעשטראָפט. „מען טאָר ניט" — האָט זי אין די געדאַנקען געטראַכט. „מען דאַרף טראַכטען פון דעם גייסט". און זי האָט אויף אַ ווייִלע זיך געצוואונגען צו טראַכטען פון דער בקשה וואָס דער דאָקטאָר האָט מיט אַ גראָב, געמאַכט קול געבעטען ביי דעם גייסט. אָבער דאָס טאקי האָט איהר דערמאָנט די ריקע, געקינצעלטע שטימע פון דעם דאָקטאָר, וואָס האָט איצט משונהדיג

אָבגעקלונגען אין איהרע אויערען. און זי האָט זיך קוים איינגע־
האַלטען פון צו צעלאַכען זיך אויף אַ קול. אַ חוץ דעם האָט איהר
אויף דער האַנט בּסדר געבריהט די בעריהרונג פון איהר שכן —
אַ היבּשער יונגער מאַן, אַנ׳אַפּטייקער — וואָס איז געזעסען לעבען
איהר. און אַלע מאָל איז איהר דער געפיהל פון דעם בריה גע־
קומען אין קאָפּ אַריין.

מאַדאַם גוטסקאָווו האָט געפּרופט צו טראַכטען וויא מען האָט
געהייסען. זי האָט זיך אָבער בשום אופן ניט געקענט אָבטשעפּען
פון דעם געדאַנק אַז „עפּעס איז די גאַנצע מעשה צו קינדעריש״.
דער היבשער יונגער מאַן—דער אַפּטייקער—איז געזעסען וויא
אַ גולם. ער האָט גאָרניט געטראַכט. איהם איז אפילו אין דער
ליכטיג ניט גרינג אָנגעקומען דאָס טראַכטען—אַ פּשיטה שוין אין
דער פינסטער—ער האָט פשוט ניט געקענט טראַכטען... ער
וואָלט געווים געוועזען איינגעדרעמעלט, האָט אָבער אויך איהם גע־
בריהט די בעריהרונג פון ליליעס האַנט, און יעדער מאָל וואָס ער
האָט עס געפילט האָט זיך זיין פּעט האַרץ אַ צאַפּעל געטהון
פון נחת...

צדק האָט מיט אַנ׳ערענסטער כּונה געטראַכט וועגען דער
פראַגע וואָס מען האָט געשטעלט דעם גייסט. ביי איהם איז עס געווען
אַנ׳עקספּערימענט און ער האָט איצט געוואָלט זיין אַזוי געטריי די
בעדינגונגען פון דעם עקספּערימענט, וויא נור מעגליך. איהם איז
נור אויסגעקומען קאָמיש און נאַרעשעוואַטע צו זיצען און איבערחזר׳ן!
„זאָג מיר גייסט״ „זאָג מיר גייסט״, „זאָג מיר גייסט״—הונדערט,
טויזענד מאָל, אָבער ער האָט עס געוויסענהאַפט געטהון. — ר׳אָז
ניט זיין זיין שולד אויב די פּראָבע וועט זיך ניט איינגעבען—האָט
ער פריהער געטראַכט

דער שוועד—דער אַרטיסט, זינגער און מוזיקער—דער נער־
ווענער מענש מיט דער מאָדנער נשמה, איז געזעסען איינגעבוי־
גען און האָט מיט די הענט שטאַרק געדריקט דעם טיש. מיט די
גרויסע אָפענע אויגען האָט ער געקוקט אין דער וועלט אַריין,
פונקט וויא ער וואָלט די גייסטער אין דערפינסטערניש געזעהען.
ער האָט געגלויבט אין גייסטער.—די גאַנצע וועלט איז נור גייסט—
פלעגט ער פילאָזאָפיש דערקלערען. און מען קען זיי אַרויסרופען—
ווען מען ווייסט נור וויא אַזוי.. ער האָט געגלויבט אַז דער
דאָקטאָר ווייסט וויא אַזוי זיי אַרויסצורופען—און היינט איף דער
נאַכט וועלען זיי קומען. און ער וועט זיי—אויב ניט זעהען—וועט
ער זיי געוויס פיהלען. און די נערוועו פון זיין פנים האָבען גע־
צוקט אין דער ערוואַרטונג. די מוסקולען האָבען געטאַנצט דעם
נערוועזן טאַנץ פון דעם הייליגען וויטוס. זיינע געדאַנקען האָבען
זיך בליץ־שנעל געטראָגען אין מאָדנע פאַנטאַסטישע בילדער. העלע
שטראַהלען ליכט האָבען זיך געקאַטשעט פאַר זיינע אויגען אויף
עטהער וועללען, און פון זיי אַזוי וויא זיילען ווייסע רויך זיינען
גייסטער איפגעשטאַנען. לאַנגע, אויסגעצויגענע האָבען זיי זיך
געדרייט און געטראָגען אַרויף צום הימעל, מיט שטראַהלענדע
פנים'ער און צוגעמאַכטע אייגען, און זייערע ליפען האָבען עפעס
געמורמעלט...

— איינס... צוויי... דריי... איינס... צוויי... דריי... פיער...
פינף... האָט זיך קלאָהר געהערט קלאַפען אין צימער. דער שוועד
האָט זיך נאָך מעהר אָנגעשטריינגט, שטאַרקער האָט ער געדריקט
דעם טיש. ער איז זיכער געווען אַז דאָס האָבען די גייסטער גע־
ענטפערט. דער טיש האָט זיך פאַר זיינע אויגען בעוואויגען,
געוויגט.—ער האָט געפיהלט דער טיש האָט זיך אויפגעהויבען,

נעשאָקעלט זיך ... אין דעם רוים האָבען גייסטער געוועלטיגט ... לעאָן איז געשטאַנען ביי דער טיהר און האָט זיך צוגעקוקט. זיין אויג איז ביסלעכווייז געוואוינט געוואָרען צו דער פינסטערניש, און איהם האָט זיך אויסגעדוכט אז ער האָט געזעהען ווער עס האָט געקלאַפּט. ער האָט בעשלאָסען אַכטונג צו געבען אויף הער נוטסקאָוו אַליין. אָבער מאַריע האָט איהם איבערגעשלאָגען.

זי איז געזעסען צווישען צדק'ן און דעם שוועד און האָט די גאַנצע צייט געציטערט. זי האָט נור האַלב פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר. און וויא נור עס איז פינסטער געוואָרען אין צימער איז געפאַלען אויף איהר אַ שרעקליכע מורא. אַ טיפער אבערגלויבען האָט אויפגעוואַכט אין איהר נשמה. איהר האָבען זיך אין דער פינסטער פאָרגעשטעלט הויכע שנייענע בערג, און אַזוי וויא פון אַ בית-עולם מיט קברים און קברים-שטיינער זיינען פון די הויכע בערג, איבער דעם שניי, אַרונטערגעקומען לאַנגע, דאַרע מתים אין הכריכים אָנגעטהון. זיי האָבען דאָס צימער אָנגעפילט און ווען זי האָט דערהערט דאָס קלאַפּען און דערפילט, דאָס שאָקלען זיך פון דעם טיש, איז זי אַ פאַרציטערטע געוואָרען און האָט פון טויט-שרעק אָטעמען ניט געקענט. זי האָט צוגעמאַכט די אויגען אויף אַ סעקונדע און האָט צוגענומען די הענט פון דעם טיש. ציטערענדיג איז זי שטיל אויפגעשטאַנען און איז אונבעמערקט אַוועקגעגאַנגען. אין דעם ווינקעל, אַנטקעגען דער קיך-טיהר האָט זי זיך אָנגעשמעלט. זי האָט זיך ניט דערוואַגט צו עפענען די טיהר. זי האָט איבערגעקרייצט איהרע הענט אויף דער ברוסט, און האָט אין שרעק און אין פחד געבעבען—צו גאָט געבעטען!.. דער דינער שטראַהל וואָס האָט זיך דורכגעגנב'עט דורך דער קיך-טיהר האָט זי בעלויכטען. איהר פנים איז געוועזען טויט-בלייך, איהרע אייגען

פאַרמאַכט, דער גאַנצער שיינער קאָפּ האָט זיך אַרויף צום הימעל געצויגען אין דעם הייליגען עקסטאַז פון איהר נשמה...

לעאָן האָט זי געזעהען. שטיל איז ער צוגעגאַנגען. ער האָט זי אָנגענומען מיט ביידע הענט און האָט איהר שטיל געזאָגט.

— מאַריע, קום אַוועק פון דאַנען. —

זי וואָלט אַ געשריי געטהון. האָט זי איהר קול ניט געפונען. זי האָט געעפענט די אויגען און האָט איהם דערקענט. אין אַ סעקונדע האָט ער זיך דורך דער טיהר אַרויסגעשטופּט, און אין אַ צווייטער סעקונדע זיינען זיי ביידע אויף דער וועראַנדע געשטאַנען.

די פרייע שאַרפע לופט האָט זיי ביידע אויפגעמונטערט. לעאָן איז גיך צו זיך געקומען. מאַריע האָט טיף און שווער איינגעאָטעמט די לופט. לעאָן האָט זי אַרומגענומען, צוגעדריקט צו זיין ברוסט, וויא אַ גרויסער שטאַרקער מענש נעמט אַרום אַ קינד — און זי — אַ צונויפגעקאָרטשעטע פון שרעק — האָט זיך אין זיינע שטאַרקע אָרעמס זיכערער געפיהלט.

און ער האָט איהר שטיל און וויך געשעפּטעט. כמעט אויף דעם אויער האָט ער איהר מעלאָדיש דעקלאַמירט: —

פריי איז די לופט היינט — אָטעם זי קינד;
האָב פאַר די גייסטער ניט מורא.
זיי זיינען נוד פוסטקייט — לופט נור און ווינד
און טראָגען נור אָן מורה־שחורה...

פריי איז די לופט היינט — ברויזענד דער ים.
מלאכים'לעך זינגען אַ לידעל,

ס'פינקלען די שטערען צו צו דעם גראָס,
בעגלייט דאָרט פון נאָט אויף זיין פידעל...

מאַריע האָט זיך געטוליעט צו איהם. און שטיל—גלייך וויא ער וואָלט זי מיט זיינע שטאַרקע אָרעמס בעשיצט פון אל־דאָס־בייז—זיינען זיי פון דער וועראַנדע געגאַנגען צום ים.

* * *

דער ים האָט זיך אויסגעשפרייט וויא אַן׳אומענדליך גרויסע שוואַרצע מאַסע. ביים ברעג האָבען די כוואַליעס מיט ווייסע פינענדיגע רוקענס זיך געקאַטשעט, לייפענדיג איינע פאַר דער אנדערער און האָבען מיט אַ האַלב קיילעכדיגען זוים פון פינענדיגען שאָהם זיך צעשלאָגען מורמלענדיג אָן דעם ברעג. ווייטער האָט מען נור געזעהען גרויסע שאהמענדיגע, קעפּ, וואָס האָבען זיך וויא ריזען שלאַנגען געוויגט אויף דעם וואַסערפלאַך. נאָך ווייטער, כמעט אויף דעם האָריזאָנט, וואו עס האָט זיך אויסגעשפרייט פערגליווערטע פינסטערניש, האָבען זיך אויפגעהויבען הויכע בערג וואָס האָבען פון דערווייטענס אויסגעזעהען וויא שטיקער געדיכטע וואָלקענס. דאָרט האָט זיך דאָס וואַסער צונויפגעגאָסען מיט דעם הימעל און פון דאָרט אָן האָט זיך אַ דיקער, שוואַרצער, טוך, אין וועלכען עס זיינען געווען איינגעפאַסט מיליאַרדען פינקלענדיגע שטערען, פאַרשפּרייט ווייט אַרום—איבער דעם ים, איבער דער ערד, איבער דער גאַנצער וועלט. און די שטערען האָבען געבלישצעט און געפינקעלט דורך דעם שוואַרצען טוך; און די כוואַליעס האָ־

בען זיך צעשלאָגען אָן דעם ברעג און האָבען געזאָטען, געפינעט און געמורמעלט זייער איביגע ליעד.—עפּעס האָבען זיי גערעדט.

אויף איין זייט ברעג—לינקס—האָט זיך אויסגעשפּרייט די פּרייליכע זומער־שטאָט. בעגאָסען מיט מיליאָנען עלעקטרישע ליכט, פֿון וועלכע עס האָט זיך צום הימעל געצויגען אַ העלער ליכטיגער נעבעל. ראַשיג, הייס, פֿול מיט לופט און מיט לעבען, שכרות און ליעבע, וואו אַלעס האָט געקאָכט און געזאָטען און מיט אַ גע־וואַלדיגער גיכקייט פֿאַרצעהרט דאָס לעבען—איז געלעגען די זומער שטאָט אין ליכט איינגעהילט. רעכטס, האָט זיך דער ברעג געצוי־גען צו דעם „צויבער ווינקעל“. ער האָט זיך אויפגעהויבען, בער־גיג הויך איז ער געוואָרען, און ווידער נידעריג, און ווידער בער־גיג. און צווישען צוויי בערג, וויא אַ נאַטירליך וויגעלע ביי דעם שטאַרקען פֿעלזען ברעג, איז דאָס „צויבער ווינקעל“ געלעגען. אונטען האָבען די כוואַליעס וויא אונטער אַ הייל זיך געקאַטשעט. שטורמיש, רוישענדיג און מיט כעס האָבען זיי זיך צעשלאָגען אָן דער שטיינערנער וואַנט, און זידענדיג און פּינענדיג האָבען זיי מיט אַ מבול ווייסע טראָפּענס שאָהם בעשפּריצט און באַשפּיגען דעם ברעג.

ביי נאַכט איז דאָ וואונדערשיין געווען. דער טונקעל בלוי־ליכער געוועב פֿון די הימלען, געפּאַסט מיט שטערען וויא ברילִיאַנ־טען; די דיקע, שוואַרצע, וויגענדיגע מאַסע פֿון דעם ים, דער מור־מלען רויש פֿון די וועללען, די בארג הויכע פאַנטאַנען פֿון ווייסען שאָהם, און דער מאָנאָטאָנער קלאַנג פֿון דעם גלאָק אונטער דעם ווייסען ליכט פֿון מאַיאַק—האָט בעצויבערט יעדע מענשען זעלע.

לעאָן מיט מאַריען האָבען געשפּאַצירט ביים ברעג. דאָס מורמלען אין פּליעשצען פֿון די כוואַליעס האָט זיי מונטערער גע־מאַכט. לעאָן האָט געדריקט מאַריען צו זיך. די גרויסע מאַכט פֿון

דעם ים האָט איהם געררייצט. ביי מאַריען איז דער חלום פון די מתים ביסלעכווייז פאַרשוואונדען. די ים לופט האָט זי לעבעדיגער געמאַכט. די פינקלענדיגע שטערן האָבען איהר וויא ליכטיגע פייערלאַך אויסגעוויזען אין איהר איז ליכטיגער אויף דער נשמה געוואָרען. זי אויך האָט די פראַכטפאָלע און מעכטיגע נאַטור גע-רייצט, און זי האָט געפילט עפּעס אַן׳אונפערשטענדליכע קראַפט איבער זיך, וואָס האָט זי בעהערשט. ביידע זיינען שטיל געגאַנגען איבער׳ן ברעג און זיינען נעהענטער געקומען צו יענעם רעדעל פון מענשען וואָס האָבען זיך אַרומגעקליבען אַרום דעם אַלטען קאַפּיטאַן. דער אַלטער האָט׳אַ מעשה דערציילט

רעדענדיג וועגען דער נאַטור — איהר גרויסקייט, איהר פּראַכט, איהר סדר, און דעם פחד וואָס איהרע מעכטיגע ערשיינונ-גען וואַרפען אַרויף אויף דעם מענשען—דעם קליינעם ווערעמעל וואָס וויל זי בעהערשען—איז מען אַרויפגעקומען אויף די טיפסטע פּראָבלעמען פון דער וועלט און דער אַלטער אברהם—דער גריב-לער—האָט ניט אָבגעלאָזט דעם גלויביגען און אבערגלויבערישען אַלטען קאַפּיטאַן.

— אָבער וואָס איז די מאַכט? ווער איז זי, וואָס רעגירט די וועלט, וואָס פיהרט איהר סדר? האָט ער אַלץ געפרעגט אין צוגעדריקט דעם אַלטען יענקי.

— איך ווייס ניט... האָט דער אַלטער נטמטוטהיג געלאַכט און געשאָקעלט זיין ווייסע קאָפּ—וויא קען איך וויסען? — ... איך ווייס ניט... מיין מוח קען עס ניט ארומכאַפּען... ער קען ניט... אָבער איך פיהל די מאַכט... די גרויסע. אי, קינדער, זי איז דאָ... און ער האָט ווידער געלאַכט און קינדערש גע׳חיקעט.

פלוצלונג איז ער ערענסט געוואָרען. דאָס רייטליכע פּנים איז געוואָרען שטייף, די קליינע אייגעלאַך האָבען זיך ווייט געעפענט.—אָט... פונקט וויא פאַר אַשטורם אויפ'ן ים—האָט ער געזאָגט—פלעגען מיר פיהלען זי, די מאַכט... אַ גרויסע, אַ גרויע וואָס פלעגט זיך, דאַכט זיך, אַרומקלייבען אַרום אונזער שיף אויף מיילען און מיילען ווייט. זי פלעגט דיקער ווערען, שוואַרצער ווערען און נעהענטער צוקומען צו אונז—און מיר פלעגען פיהלען אַז אונזער שטאַרקע אייזערנע היים—אונזער געליבטע—איז אין די הענט פון דעם שליח פון דער מאַכט—דעם ווינט—אַ שפּענדעל מיט וועלכען ער פלעגט טאַנצען זיין קדחת-טאַנץ... איך ווייס ניט... איך ווייס ניט... האָט ער איבערגע'הזרט און האָט קינדעריש נאַאיוו געלאַכט.

— וויא אַזוי זי פיהרט די וועלט. איך ווייס ניט!.. און ווער ווייסט? ווער?.. חי... חי... חי... אַקלאַציאַסטאַנאַ האָט געוואוסט... אַקלאַציאסטאַנאַ, קינדער, דער זקן, דער נביא—דער הייליגער פון זיין שבט פלעגט עס און אַ יום טוב דערציילען זיין פאָלק. אַ שיינע מעשה... חי... חי... הי... האָט ער זיך צעלאַכט... און אַקלאַציאַסטאַנאַ איז געווען אַ גרויסער מענש... אַ חכם... אַ נביא...

די גרופּע אַרום דעם אַלטען קאַפּיטאַן איז געלעגען צעלייגט אויף דער ווייסער ים זאַמד אין פערשידענע פּאָזעס. זי האָט זיך צוגעגרייט צו הערען—מען האָט געוואוסט אַז דער אַלטער וועט דערציילען אַ שיינע מעשה.

— עס איז שוין... עה... לאַנג, לאַנג, לאַנג. איך בין נאָך דעמאָלט אַ קינד געווען. איהר פאַרשטייט אַ קימאַ-לן... הי... חי... חי... האָט דער אַלטער אָנגעהויבען.—דאָס איז נאָך אַלץ

ווילד געווען ... ווילד. — ער האָט פאַמעלעך אַ פיהר געטהון מיט דער האַנט אין דער לופט—אַלעס בעוואַקסען מיט וואַלד. אונזערע האָבען זיך דאָ עטליכע פאַמיליעס באַזעצט, אין קליינע הייזלעך. דאָרט—האָט ער אָנגעוויזען—וואו דער טייך פאַלט אין ים אַריין, האָט אַנ'אַלטער אינדיאַנער שבט געוואוינט. אַ מאָל אין פרידען, און אַ מאָל אין קריעג מיט אונז.

— איך געדיינק—איך בין נאָך גאָר אַ קינד געווען—אונזערע טאַטעס פלעגען עס איבערדערציילען; זיי פלעגען אונזערע מאַמעס דערציילען. דער אינדיאַנישער שבט פלעגט אַ יום טוב האָבען, אַרום אַ גרויס פייער זיך אַרומקלייבען, אונזערע פלעגען אויך זיטצען דערביי, רויכערען זייערע ליולקעס און צוקוקען ... אין דערשטיל. מיר קינדער פלעגען זיך בעהאַלטען אונטער די עלטערע. חי... חי... הי... מיר האָבען פאַר די אינדיאַנער מורא געהאַט, אָבער מעהר פאַר אַלע פאַר אַקלאַציאַסטאַנען. אָה מיר פלעגען ציטערען פאַר איהם. פאַר זיין ברייט, קופערנע, געפאַרבט פנים מיט די שטאַרצענדיגע באַקען-ביינער און די שוואַרצע גליהענדיגע אויגען מיט דער קרוין פון פעדערען אויף זיין קאָפּ און אויף זיין רוקען. אָבער אונזערע זיינען צו אַלץ גרייט געווען—האָט ער מיט אַ וואונק פון אַנ'אויג בעמערקט—זייערע פיסטאָלען זיינען שטענדיג גרייט געווען אין זייערע טאַשען און גורטלען.

— און נאָך דעם וויא דער שבט פלעגט אַרום דעם פייער אַ מאָלצייט עסען און אַ משונה טאַנץ טאַנצען מיט דער בעגייסטערונג און התפעלות פון ווילדע פאַר זייער גרויסען גייסט, פלעגט אַקלאַציאַסטאַנאַ, אין אַ ווילדער התלהבות פון אַ הייליגען, פון יענעם וועלדעל אַרויסקומען. נידעריג אויף דער ערד, כמעט אויף אַלע פיער, פלעגט ער קריכען און טאַנצען. וויא אַ פלאַם פייער האָט

זײן פּנים געבּרענט, װיא גליהענדיגע קױלען האָבּען זײנע אױגען געבּלישצעט. די שטריכען פון זײן פּנים זײנען משונה װילד געװען און די קרױן פון פּערערען אױף דעם קאָפּ און רוקען האָבּען זיך געװאָרפען מיט איהם און געטאַנצט מיט איהם. און טאַנצענדיג פלעגט ער מיט א קלײן שטײנערען העקעל צו קלאַפּען צום טאַקט אױף דער ערד, און מיט אַ װילד משונה קול פלעגט ער שרײען און זינגען און דערצײלען זײן פאָלק, װיא די װעלט װערט רעגירט און בעשאַפען... טאָג-טעגליך רעגירט... און טאָג-טעגליך בעשאַפען...

— ער האָט געזונגען און דערצײלט, און זײן פאָלק איז געזעסען אײנגעקאָטשעט אױף די שפּיץ פון די פיס פינגער. און שטיל, אין פחד און מורא האָט עס געהערט. נור דאָס האָלץ אױף דעם פײער האָט צוגעקנאַקט און די כװאַליעס האָבּען גערױשט און געמורמעלט...

און ער האָט דערצײלט:

— און אײנגעשלאָפען איז די װעלט. אײנגעשלאָפען זײנען אַלע: הימעל, ערד און חיות, מענשען און בײמער. און פון אונטער די בערג דאָרט—איבּער דעם רױשיגען ים—אַלע נאַכט, קומט ער, דער גײסט, דער גרױסער גײסט. װיא אַ ריזען שלאַנג—אַ מעכטיגע—ראָלט ער און קאַטשעט זיך—גרױס... גרױס, װיא די ערד, װאָס קושט זיך מיט דעם הימעל אױף די בערג, און װערט בעפּרוכטעט פון איהם. האָט איהם געבּױרען... גרױס װיא די װעלט... ניט געזעהען פון קײנעם—אונבּאַמערקט—ראָלט ער דער שלאַנג דער גרױסער, דער גײסט, דער מעכטיגער—אַהער איבּער דעם ברײטען װאַסער ים. ער קאַטשעט זיך און הײבּט זיך, מעכטיגער און מעכטיגער, אין דערהױך, אין דערלײנג און אין

דערברייט און פילט אָן דעם רוים אין מזרח און אין מערב, אין צפון און אין דרום.

— און עס גיסט זיך צונויף דער שלאַנג, דער מעכטיגער מיט דעם נאַכט הימעל, דעם שוואַרצען, און די שטערען ווערען זיינע אויגען—מיליאַרדען אויגען זיינע. און זיי קוקען אין אַלע ווינ־קעלאַך פון דער וועלט. און זעהען דאָס וואָס איז געשעהען אין דער וועלט, און ווייסען וואָס עס דאַרף געשעהען אין דער וועלט.

— און דער שלאַנג, דער מעכטיגער, דער גייסט דער גרויסער, וואָס האָט אָנגעפילט דעם רוים אין מזרח און אין מערב, אין צפון און אין דרום—שרייט אויס מיט אַ קול אַנ׳איבערמעכטיגען וואָס פילט אָן די גאַנצע וועלט—אַזוי זאָהל געשעהען...

— שטאַרקער פון אַלע געטער איז דער שלאַנג, דער מעכ־טיגער—דער גייסט דער גרויסער—

— אַלץ איז אין זיין רשות—און אַזוי מוז געשעהען...

— און ער פילט אָן די וועלט אין דער נאַכט—דער נאַכט, דער שוואַרצער—אין יעדער נאַכט! און דער קול דער גרויסער, דער בעפעהלענדיגער פילט אָן די וועלט—די גאַנצע. אָבער גרוים איז דער קול, צו גרוים פאַר יעדען חלק פון דער וועלט בעזונדער, און ער ברעקעלט זיך און שטיקעלט זיך דער קול—דער גרויסער, דער מעכטיגער. אין מיליאַרדען חלקים׳לעך פון דעם גייסט דעם גרויסען, וואָס מען זעהט ניט מיט דעם אויג און מען פיהלט ניט אין דעם שלאָף... און יעדער שטיקעלע און ברעקעלע פון דעם גייסט דעם גרויסען בעזעצט זיך אין דער נשמה פון דעם הימעל און פון דער ערד, פון חיות און מענשען און ביימער...

— און ווען דער טאָג קעהרט זיך אום, מיט דעם קוש פון דעם מאָרגענשטערען אויף זיין קרוין, און ווען די זון קומט צוריק

פון אונטער די בערג אין מזרח זייט, און הימעל, ערד און חיות, מענשען און ביימער כאַפּען זיך אויף פון דעם שלאָף — דעם ברודער פון דעם טויט—ווילען זיי דאָס וואָס מוז געשעהען... און עס געשעהט דאָס וואָס זיי ווילען...

— אַזוי פיהרט זיך דער שלאַנג דער מעכטיגער—דער גייסט דער גרויסער, וואָס קומט פון אונטער די בערג יעדע נאַכט ווען די וועלט פאַלט אַנשלאָפען און שאַפּט יעדע נאַכט דאָס לעבען... און רעגירט עס... דאָס לעבען פון הימעל און ערד, חיות, מענשען און ביימער—דאָס לעבען פון דער גאַנצער וועלט.

— אַזוי פלעגט דערציילען דער חכם, דער נביא, דער הייליגער אַ קלאַציאָסטאַגאַ—דער אַלטער קאַפּיטאַן איז אַנשוויגען געוואָרען. ער האָט אָנגעשפּאַרט זיין גרוי־ווייסען קאָפּ אויף זיין האַנט, האָט טיעף אָבגעזיפצט און שטיל געקוקט אויף דער שוואַרצער פליסיגער מאַסע פון דעם ים. אַלע אַרום זענען אויך שטיל געזעסען. יעדערער האָט זיך איינגעטראַכט אין דער אַלטער לעגענדע און האָט זי אויף זיין אייגענעם שטייגער פאַרשטאַנען. מאַריע האָט זיך אין שרעק שטאַרקער געדריקט צו לעאָנען. זי האָט נור אַביסעל פון דער מעשה פאַרשטאַנען.

— איך האָב אַזוי מורא—האָט זי זיך שטיל געקלאָגט—איך האָב אַזוי מורא פאַר אַ שלאַנג!—לעאָן האָט זי פעסטער אַרומגענומען אַרום דער טאַליע און האָט שטיל געלאַכט.

— שלענג, מאַריע, זיינען נור פאַראַנען אין די וועלדער... ניט צווישען מענשען... האָב ניט קיין מורא. און זיי זיינען ביידע געגאַנגען צו דעם שטיינערנעם ברעג; דאָרט וואו די וואַסערען רוישען—צו דעם „צויבער ווינקעל״.

לעאָן איז געווען אויסער געוויינליך אויפגעלייגט. די קראַפט

װאָס האָט איהם פריהער אָנגעהויבען צו באַהערשען האָט איהם איצט נאָך מונטערער, נאָך לעבעדיגער געמאַכט. די מעשה׳לע פון דעם אַלטען קאַפּיטאַן האָט איהם בולט געמאָלען דאָס בילד פון בעגײסטערטע, טאַנצענדיגע אינדיאַנער אַרום אַ פײער, לעבען אַ װעלדעל. די װערטער פון אַקלאַציאָסטאַנאַ האָבען איהם געקלונ־גען אין דער לופט װיא אַנ׳אַלטע פאַר׳כשוף׳טע ליעד.

ער האָט זײ איבערגעלײגט אויף זײן אײגענער שפּראַך און זײנע אײנענע געפילען. ער האָט געדריקט צו זיך מאַריען און האָט מיט היטץ דעקלאַמירט: —

זי קוקט מיט די שטערען װיא אויגען אַרונטער
די שלאַנג װאָס פילט אָן דעם רוים
און שרײט מיט אַ שטימע מעכטיג און מונטער —
לעב אָהן אַ ברעג, אָהן אַ צוים...

* * *

נעם פון דעם לעבען די פרײהײט־געניס
שטיל נור דײן זעלעם פערלאַנגען...
זיס אויף די ליפּען—פּרוּף—איז דער קוּס,
זיס איז די ליבע אָהן צװאַנגען.

און ער האָט זיך מעהר און מעהר בעגײסטערט און האָט זיך געטוּלעט צו מאַריען מיט זײן גרויסען קערפּער. זי האָט געפילט דעם שטאַרקען גוף זײנעם. פון זײן ליעד האָט זי נור געפילט די קראַפט מיט װעלכער ער האָט זי דעקלאַמירט; די התלהבות, דעם

וואַרעמען געפיהל וואָס ער האָט אין די וועַרטער אַריינגעלייגט. אָבער נאָך עפּעס האָט זי געפילט. אַ קראַפט — אַ גרויסע, אַניאונ־בעקאַנטע, וואָס האָט זי געצויגען צו איהם און האָט זי מעהר און מעהר בעהערשט. און זיי זיינען ביידע געגאַנגען איבערען ברעג.
לעאָן האָט געזונגען דעקלאַמירט זיין ליעד — דאָס אייביגע ליעד פון דער מענשליכער נשמה... די כוואַליעס האָבען זיך געקאַטשעט, געפּינעט און געמורמעלט זייער ליעד — דאס אייביגע ריטמישע ליעד פון מאַכט און בעוועגונג...

דער אַלטער קאַפּיטאַן האָט זיך אויפגעהויבען. ער האָט דער־זעהען אַ גרויסען בלישצענדיגען שטערען אויף מזרח זייט.

— קינדער, — האָט ער געוויזען מיט'ן פינגער אויף דעם שטערען — עס איז שוין צעהען דער זייגער; צייט צו בעט צו גע־העו... עה!.. קינדער, מען דאַרף פיהרען אַ רעגעלמעסיג לעבען — לעבט מען לאַנג... און ער איז זיך פאַמעלאַך אַוועקגעגאַנגען.

אָבער וועמען איז געלעגען אין זינען צו געהען שלאָפען. ערשט איצט האָט זיך טיפער און ברייטער אויסגעשפּרייט די וועלט רעטעניש פאַר אַלעמען. דאָס בילד אַרום און אַרום האָט געהאָלפען דערצו.

דאָס גרויסע, מעכטיגע און מיסטעריעזע בילד פון דעם שוואַרצען אויסגעשפּרייטען ים מיט די ווייסע פינענדיגע קעפּ אויף די כוואַליעס. די גרויסע בערג וואָס האָבען זיך איצט ווייט־ווייט אויף דעם האָריזאָנט אויפגעהויבען וויא אַ הערדע צונויפגעדריקטע קאָמעלען מיט בערגיגע הויקערס אויף די רוקענס, לאַנגע אויסגעצויגענע העלזער און שמאָלע אַראָבגעלאָזטע קעפּ. דער בלוייליך בעשטערענטער הימעל און די רויטע, פאַרבלוטיגטע לבנה, וואָס איז אָקאָרשט אַרויסגעקומען פון אונטער די בערג און האָט

געוואָרפען אַ רויז־רויטען גאָלדענעם בליאַסק אויף דער וואַסער. דער קאַן־קעסעל פון לעבען און ליכט אויף איין זייט, און די רויז־שענדע כוואַליעס ביים שטיינערנעם באַרג, אויף וועלכען די סילועטען פון לעאָנען און כאַריען האָבען זיך שאַרף אויסגעמאַרקירט, און די לאַנגע דאַרע פיגור פון דעם שוועד, וואָס האָט זיך וויא אַ שאָטען געדרוקט פון דער ווערענדע — דאָס וואונדערבאַרע בילד האָט אונבעוואוסט פאַר יעדען געהאָלפען און גערייצט דערצו, אַז אַלע זאָלען זיך היטצען, קאָכען, רעדען מיט האַרץ און בעשטעהען יעדער נור אויף זיינעם. און ווען איז איצט געלעגען אין זינען צו געהען שלאָפען...

דער שוועד איז צו זיינע פריינד ניט צוגעגאַנגען. ער האָט זיך שפּאַצירט הין און צוריק איבערען זאַמד אַריין געטהון אין זיך אַליין. די חברה איז געלעגען אויף דעם זאַמד לעבען דעם איבער־געקערטען שיפעל און האָט זיך געאַמפּערט.

ביז איינעם איז איינגעפאַלען אַ גליקליכער געדאַנק.

— זינגט עפּעס — האָט ער אויסגעשריגען צום שוועד — זינגט עפּעס, גענוג זיך אַמפּערען. דער שוועד האָט זיך ניט ווּיסענדיג געמאַכט.

— זינגט עפּעס — האָבען עטליכע קולות געפאָדערט. און דער שוועד האָט זיך אָבגעשטעלט. זיין דאַרע פיגור מיט דעם אויסגעצויגענעם ערדענעם פנים אין די איינגעפאַלענע אויגען האָבען מורא'דיג אויסגעזעהען און האָבען אויף יעדען אַ פחד געוואָרפען. עפּעס ווי ניט קיין לעבעדיגס, נור וויא אַ מאַסקע, ווי אַ טונקעל־געלע וואַקסענע מאַסקע האָט זיין פנים אין דער גרויער נאַכט־ליכט אויסגעזעהען. ער האָט זיך אָבגעשטעלט, האָט אַ ביסעל פאַרוואָרפען דעם קאָפּ און האָט געזונגען. ער האָט געזונגען דאָס

ליעד פון דעם טויט... וויא דאָס לעבען איז נור אַ ווײַלע—אַ מינוט נור אין דער אייביגקייט... דער טויט איז דער סוף—דער טויט איז די אייבינקייט... און זיין שטימע האָט טיף, מיט רמז און מיט סוד געקלונגען. דער זינגער האָט זיין נשמה אין דעם ליעד אױסגעגאָסען און האָט איבער אַלעמען אַ מורא פאַרשפּרייט. עס האָט זיך אויסגעוויזען אַז יעדערער האָט געפילט די אייז קאַלטע בעריהרונג פון יענער אייביגקייט—דעם טויט... און אַלע זיינען שטיל געווען. דעם זינגער האָבען נור טרויעריג אקקאָמפּאַנירט די וועללען פון דעם ים און דער מאנאטאנע קלאַנג פון דעם מאַיאַק גלאָק...

מאַריע מיט לעאָנען זיינען פּאַמעלאַך פאַרשוואונדען פון יענער זייט באַרג. צדק איז ערשט אַרויסגעקומען פון הער גוטסקאָווס הויז און איז געגאַנגען צו דער חברה. ער האָט מיט די אויגען געזוכט מאַריען. ער האָט זי ניט געפונען. און לעאָן? וואו איז לעאָן געווען? ער האָט זיך צוגעהערט צום זינגען. ער האָט באַמערקט אַז דאָרט פאַרשווינדען' פון יענע־ זייט באַרג צווי סילועטען... איהם האָט עפּעס געצויגען אַ הין. אָבער ער האָט זיך ניט בעשלאָסען צו געהען.

— וואָס איז זיין געשעפט—האָט ער אַ טראַכט געטהון — אפשר זיינען עס גאָר ווילד פרעמדע!.. לעאָן מיט מאַריען זיינען אַראָבגעגאַנגען פון דעם באַרג -- אין טאָהל אַראָב -- אין „צויבער ווינקעל" דאָ האָבען זיי זיך ביידע אַנידערגעזעצט ביים סאַמע ברעג. לעאָן האָט שטארק געהאַלטען מאַריען און האָט זיך מיט איהר איבערגעבויגען איבער דעם ברעג. די ווייסע, זידענדיגע טראָפּענס שאָהם פון די שטארמישע כוואַליעס האָבען זיי באַשפּריצט און פייכט געמאַכט זיי די פנים'ער. מאַריע האָט אַלע מאָל לעבעדיג און שפּילעריש אויסגעשריגען... און האָט געלאַכט. לעאָן האָט

געשפּאַסט און געשטיפט ... שטיפעריש האָבען זיי זיך אַלע מאָל צונערוקט צום ברעג, און ווען די פינע האָט זיי אין איהר פליעסק און רויש בעשפּריצט, האָבען זיי זיך ווידער אָבגערוקט מיט ליאַ־רעמדיגע אויסגעשרייען און הילכיגען געלעכטער ... זיי האָבען זיך מעהר און מעהר גערדיקט איינער צו דעם אַנדערען, מעהר און מעהר זיך איינס אין דעם אַנדערען איינגעקלעפּט. לעאָן האָט גע־לאַכט און האָט שטיפעריש געטריקענט מאַריעס פּנים מיט זיינע גליהענדע באַקען און האָט לעבעדיג געזונגען.

טראָפּענדלעך ווייסינקע,
שאָהם פון די וועללען,
זאָגט אונז דעם סוד אויס —
פון ליבעס קוועלען...

און דאָט זיך אַליין געענטפערט

דאָרט אינטען וויא רינגען
פון פינע און שאָהם!
זידען די קוועלען —
פון ליבע אין תהום...

מאַריע האָט געפילט אַז זי געהערט זיך ניט מעהר, פאַר־שכורט פון דער קראַפט וואָס האָט זי בעהערשט. לעאָן האָט זי געהאַלטען אין זיינע אָרעמס און האָט זי שטאַרקער און שטאַרקער גערריקט צו זיך. ער האָט אויך דער־פילט אַז איהם באַהערשט א געוואַלטיגע קראַפט ... אַ ליידענשאַפטליכע ... ערשט איצט האָט ער דערפיהלט זי אין איהר פולער מאַכט ... עפּעס האָבען זיך די פערזען געפילט; זיי האָבען זיך ניט געגאָסען פון דער נשמה...

אויף אַ מאָמענט איז ער שטיל געבליבען, פּינקט װיא ער װאָלט ניט געװאוסט װאָס צו טהון מיט זיך... װײט־װײט האָט זיך גע־הערט דאָס געזאַנג פון דעם שװעד—אַ טיפער אָבקלאַנג װאָס איז פון יענער װעלט, פון אונטער דער ערד געקומען... איבערען באַרג האָבען געריִשט די כװאַליעס, װאָס האָבען זיך צעשלאָגען אָן די אױסגעװײקטע שטײנער פון דעם פעלז, און האָבען מיט אַ מעכ־טיגער, זידיגער קראַפט אַרױפגעשלאָגען די װײסע פינענדיגע מ־אָ־פענס. און דאָרט—איבער דעם שטח פון דעם פינסטערען װאַסער—האָט געקלונגען און פאַרהיט פון סכנה דעם נאַכט־שװימער—דער מאַיאַק גלאָק. לעאָן האָט געדריקט מאַריען אין זײנע שטאַרקע אָרעמס און האָט זי געקוסט און געביסען. מאַריע האָט זיך גע־טוליעט צו איהם, אײנגעװיקעלט און פאַרלאָרען אין זײן קראַפט װאָס האָט זי בעהערשט. און די מיליאָנען שטערען האָבען גע־פינקעלט און געקוקט אַראָב; געקוקט אויף זײ שטום פון די הימלען...

* * *

מאַריע איז פאַרשװאונדען געװאָרען. װאו זי איז אַהינגעקומען האָט קײנער ניט געװאוסט. די בעל־הבית׳טע פון דעם האָטעל, װאו זי האָט געדינט, האָט דערציילט אַ קורצע, אַ טרױע־ריגע מעשה.

— זונטאָג—האָט זי געזאָגט — איז מאַריע געקומען אַ היים זײער שפּעט, און װיא די דיענסט־מײדלעך פון דעם הויז דערציי־לען, איז זי כמעט ניט געשלאָפען די גאַנצע נאַכט. זי האָט גע־װײנט, געװײנט און געװײנט. קײנעם פון די דיענסט־מײדלעך

האָט זי ניט געוואָלט זאָגען פאַר וואָס זי וויינט. נור עפּעס איז זי געווען אַזוי אומעריג, אַזוי דערשלאָגען ... זי איז געלעגען אין די קליידער אויף איהר בעטעל—איינגעגראָבען דעם קאָפּ אין איהר קישען און האָט היסטעריש געוויינט און געכליפּעט. און וויא נור זי—די בעל־הבית׳טע איז אויפגעשטאַנען, האָט מאַריע צונויפגעלייגט איהר אָרעם קלומעקעל און האָט געבעטען רעכענונג. זי האָט איהר ניט געזאָגט פאַר וואָס. מען האָט איבער־הויפּט ניט לאַנג געקענט מיט איהר ריידען, ווייל באַלד האָבען זי טרערען דער־שטיקט, און זי האָט אין אַ יאָמער בעהאַלטען איהר פּנים אין איהרע הענט. זי האָט קיינעם גלייך אין די אויגען ניט געקוקט. זי איז געווען בלייך וויא דער טויט, אויסגעמאַטערט, מיט רויטע פאַר־שוואָלענע אויגען. אַזוי האָט די בעל־הבית׳טע דערציילט. — זי איז אַוועק—האָט זי צוגעלייגט—אַ היים, צו דער מומע מסתמא. ווער ווייסט וואו די מומע איהרע איז; און ווער זי איז? ערגעץ אין שטאָט וואוינט זי. — מעהר האָט זי אַליין ניט געוואוסט. לעאָן האָט אויך קיינער שוין פון עטליכע טעג ניט געזעהען. צדק האָט איהם געזוכט מיט ליכט אומעדום; אָבער ער האָט איהם אין ער־געץ ניט געפונען. אויף דער קוואַרטיר, וואו לעאָן איז געשטאַנען, האָט מען צדק׳ן געזאָגט, אַז לעאָן קומט זעהער שפּעט ביינאַכט און געהט אַוועק זעהער פריה. — אפנים אויסצומיידען צו בעגעג־נען זיך מיט פריינד און בעקאַנטע—האָט צדק ביי זיך געטראַכט. ביי עדיסאָנען אין פאַבריק האָט ער זיך נאָכגעפרעגט, האָט מען איהם געזאָגט, אַז לעאָן איז גאָר צו דער אַרבייט ניט געקומען.

— וויא? וואָס איז דאָס? האָט ער זיך געפרעגט. עס איז געווען אַ רעטעניש ...

— אַה, מיט מאַריען ... איז איהם איינגעפאַלען.

— אומעגליך, ניט לעאָן—האָט ער זיך געטרייסט — לעאָן איז דאָך נאָך געװען אין האָטעל מאָנטאָג אין דער פריה, װען מאַריע איז שױן דאָרט ניט געװען—האָט ער לאָגיש צונױפגעשטעלט די פאַקטען. — ער איז אודאי איבער מאַריען אױף אַ קורצער צייט אַװעקגעפאָהרען פון דאַנען ... ביז אַלעס װעט זיך בערוהיגען—האָט צדק בעשלאָסען.

— און װײטער, װער װײסט?..

אָבער רוהען האָט ער ניט געקענט ...

ביי די גוטסקאָװס איז געװען אַ שטילער חורבן איז שטוב. אַלע האָבען זיך אַרומגעטראָגען מיט אַ סוד, און בעהאַלטענדיג זיך פון ליליען געשושקעט כסדר. ליליע האָט ניט געדאַרפט װיסען װאָס איז געשעהען. די עלטערע האָבען פאַרשטאַנען. זײ האָבען זיך אָנגעשטויסען. אָבער ליליע האָט געקוקט אױף זײ מיט איהרע שאַרפע לעבעדיגע אויגען און האָט געפאָרשט ... איהר פלעגט עפּעס איהר יונגטערע נשמה אונטערזאָגען, עפּעס אַזױנס, אױף װעלכען זי פלעגט זיך מורא האָבען צבצושטעלען ... און פאַרשעמען זיך. און זי האָט געקוקט אױף דעם הױז-געזינד, איף די פריינד און האָט געזוכט ... מאַריען ... לעאָנען ... געזוכט. מאַדאַם גוטסקאָװ איז אַרומגעגאַנגען אַ בעלײדיגטע. איהר פנים האָט געפלאַטט, געררוימעלט זיך מיט בושה-פאַרב. איהרע אױגען האָבען אױסגעזעהען אַזױ װיא דעמאָלט זאָנטאַג, װען זי האָט געקוקט אױף לעאָנען, און זײ האָבען איהם דאַכט זיך שטיל, בנעימות'דיג געמוסרט: — ניט שײן, לעאָן; ניט שײן... איך האָב עס פון אײך ניט ערװאַרטעט...

שפּעט פרײטאָג פאַרנאַכט האָט צדק פלוצלונג געטראָפען לעאָנען זיטצען אויף אַ שטײן אין יענעם „צװיבער װינקעל" — צװײ-

שען די בערג—וואו די וועללען רווישען און שפּריצען מיט ווייסער פינע. איבערראַשט, איז צדק שטעהען געבליבען אַ ויילע אונבעוועגט.

לעאָן איז געזעסען איבער זיין בוך מיט פערזען. ער האָט אָקאָרשט איבערגעלעזען די שורות.

זי קוקט מיט די שטערען וויא אויגען אַרונטער
די שלאַנג וואָס פילט אָן דעם רוים;
און שרייט מיט אַ שטימע, מעכטיג און מונטער,
לעב אָהן אַ ברעג אָהן אַ צוים ...

* * *

נעם פון דעם לעבען די פרייהייט=גענוס;
שטיל נור דיין זעלעם פערלאַנגען,
זים אויף די ליפּען—פּרוואו—איז דער קוס,
זים איז די ליבע אָהן צוואַנגען ...

— זים איז די ליבע אָהן צוואַנגען! ... האָט ער אין דער=הויך און פּאַמעלאַך איבערגעחזרט און האָט זיך פאַרקוקט אויף דעם ברייטען, מעכטיגען גרוי=גרינעם וואַסער=שטח, און האָט זיך פאַרטראַכט. פון יענער צייט וואָס ער איז דאָ מיט מאַריען געוועזן, האָט ער פיל איבערגעלעבט און פיל איבערגעליטען.

פון דעם מאָמענט וואָס ער האָט מאַ־יען אַ היים געבראַכט, יענעם זונטאָג ביינאַכט; ויען ער האָט זי אין הויז אַריינגעלאָזט און איז אַליין געבליבען שטעהען אין דרויסען, האָט ער מיט אַ מאָל דערפילט וויא איינזאַם, וויא אַליין, וויא דערשלאָגען און געפאַלען זי דאַרף זיך פיהלען איצט אין איהר קליין חדר'ל. איצט—

ווען דאָס, וואָס איז ביי איהר אין דער נשמה — איהר שטאָלץ, איהר אונשולד געווען, איז פאַרשוואונדען אין איין מאָמענט פון עהרליכען, באַגעהרענדען גענוס ... — זי איז דאָך ניט איך—האָט ער אַ טראַכט געטהון. — אָבער וויא איך האָט זי דאָך רעכט צו לעבען און געניסען ... און איהם האָט זיך פאַרגלוסט אַריינגעהען צו איהר, איינרוימען איהר שטילערהייד אין אויער, אַז זי איז ניט אַליין, ניט קיין דערשלאָגענע, ניט קיין געפאַלענע ... עס איז אָבער צו שפעט געווען—און מונטער, רוהיג אין דעם בעוואוסטזיין אַז ער וועט נאָך מאָרגען אין דער פריה, איידער ער וועט געהען צו דער אַרבייט—זאָגען איהר דאָס אַלעס, לאַשצען זי און קוסען זי—איז ער געגאַנגען אַ היים.

ער איז אָבער ניט גיך איינגעשלאָפען. גרויס, שטאַרק, מונטער און פריי וויא לעאָן איז תמיד געווען, האָט איף זיין נשמה די היינטיגע בילדער פון דער נאַטור, פון דעם לעבען און דעם גענוס צו אַ שטאַרקע שליטה געהאַט און ער איז ניט גיך איינגעשלאָפען. ער האָט זיך געדרייט אויף דעם געלעגער. ניט געבעטענע געדאַנקען האָבען זיך געקניפט און געפלאָנטעט אין קאָפ. שווערע קשיות האָבען זיך געשטעלט, און זיינען ניט פאַרענטפערט געוואָרען. ער איז אַ פּאָר מאָל אויפגעשטאַנען, האָט אויפגעשריבען די פרעזען „זי קוקט מיט די שטערען ווי אויגען אַרונטער" — און האָט זיך ווידער געלייגט.

— פאַר וואָס עפּעס היינט? מעהר וויא פריהער, וויא אַמאָל, וויא אַלע מאָל? האָט ער זיך געפרעגט. — אַביסעל עלטער געוואָרען!.. ניט מעהר? — האָט ער ווי מיט זיך אַליין גע־פירט אַ וכּוח—ניין ... מעהר געלעבט—מעהר געאַרבייט ... אין אַ סביבה פון אַ רוהיגערען, מיטעלמעסיגערען לעבען געלעבט ...

אין אַמעריקאַ... דאָס פראַקטישע לעבען פאַרזוכט... זיך און מענ־שען טיפער פאַרשטאַנען... אָט דאָס איז עס... האָט ער גע־טראַכט און איז ביסלעכוויז אין פאַרפלאָנטעטע געדאַנקען איינגעשלאָפען.

אין דער פריה איז ער ווידער געווען מונטער. לעבעדיג. מיט אַן׳אימפּראָוויזירט לידעל איז ער געגאַנגען איינרוימען מאַרי־ען זיין סוד.

און ער האָט זיך דערוואוסט וואָס עס האָט פּאַסירט.

אַ שרעקליכע איבערקעהרעניש האָט זיין נשמה איבערגעטריי־סעלט. אויף אַ מינוט איז ער טויב געוואָרען. דאָס שטיקעל צייט, זייט ער האָט מאַריען געבראַכט אַ היים ביז יעצט, איז אַרויסגעפאַלען פון זיין זכרון. ער האָט ווידער דערפילט וויא פאַר־טאָג די שרעקען, דאָס פלאָגען זיך פון מאַריעס זעלע. ווידער האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט, וויא זי פילט זיך איינזאַם, דער־שלאָגען, געפאַלען און אַליין—אַליין אין דער וועלט. וויא א בליץ האָט איהם אָנגעצונדען אַ באַגעהר צו זעהען זי—שוין, באַלד... געפונען זי. און יעדער מינוט אין וועלכער די בעל־הביתטע פון דעם האָטעל האָט אויסגעציינגען דאָס בילד פון מאַריעס טרערען און יסורים, יענעם פריהמאָרגען, איז פאַר איהם די אייביגקייט געווען. ער האָט זיך געריסען—און זיינע געדאַנקען און געפילען האָבען זיך פאָראויס געטראָגען, גיכער וויא זיין גוף, זיינען זיי געלאָפען—צו זוכען זי, געפינען זי... אָבער וואו זוכט מען זי? וואו געפינט מען זי? און געפינען זי מוז ער... ער מוז!.. דאָס וויל זיין נשמה, דאָס פערלאַנגט זיין ווילען, זיין שטאָלץ, זיין מענשען־ווע־דע. ער קען ערשט ווידער ווערען דער לעבעדיגער, מונטערער, דער פרייער מענש—פריי פון די צוואַנגען פון זיין

אייגענעם איך—ווען זי וועט ניט ליידען דורך איהם.

ליידען דורך איהם... עס שוידערט איהם. און איהם שטעלט זיך פאר איהר שיין, איהר אונשולדיג פנים, איהרע בלוויליך ליכ־טיגע אויגען, וויא זיי האָבען געלויכטען אין „צויבער ווינקעל", ווען זיי האָבען זיך ביידע געשפּילט מיט די זוּדיגע טראָפּענס שאָהם. ער פילט איהר ווייכען, בויגיגען גוף אין זיינע אָרעמס, ווען זיי האָבען זיך איבערגעבויגען איבער דעם ברעג און די טראָפּענס שאָהם האָבען בעשפּריצט זייערע פּנים'ער... ער הערט איהר זיס, קינדעריש לאַכען, אַט דאָס וואָס האָט אַזוי געריייצט אין איהם די חיה... ער פילט די דערהויבענע התלהבות פון איהר זעלע אין איהר שטאַרקען ליבעס־קוס... און עס שוידערט איהם... ערשט אַזוי פיל גליק, אַזוי פיל געננים — און אַט שוין אַזוי פיל ליידען, אַזוי פיל טרערען... ניין, אַזוי האָט ניט געקענט אויסשרייען אין יענער נאַכט אקלאציאסטאנאס גרויסער גייסט... ער פילט אַנאַנ־דער געשריי אין זיין נשמה...

ער מוז זי געפונען. און ער וואַנדערט אַרום אַ גאַנצען טאָג פון אַדרעס צו אַדרעס און געפינט זי ניט. און ער ווערט שיער משוגע. ער ווייסט אַז זי ליידט ערגעץ. און ער שלאָפט ניט ביי־נאַכט. איהם שטעלען זיך פאַר און מאַטערען איהם יענע בילדער וועלכע ער ווייסט, אונגליקליכע וויא זי לעבען איבער, און קורץ און שאַרף מאָלען זיי זיך פאַר זיינע איגען. זיין כח הדמיון שטעלט זיך ניט אָב אויף זיי... פאַר מורא פאַר זיי... אָט זיצט זי, אַ פאַר־ווייַנטע, איהר קאָפּ בעהאַלטען און איהרע הענט, מיט רויטע גע־שוואָלענע אויגען און אַ בלייך אויסגעדאַרט פּנים—די מומע האָט זי אַרויסגעטריבען, זיטצט זי אין גאַס און קוקט... דאַכט זיך, אויף איהם... און ער ווייסט, פאַר וואָס גראָד אויף איהם... זי

זיצט דאָרט ביז דער פּאָליסמאַן נעמט זי צו ... און ... דעם פּעָר־ברעכערס תפיסה ... דער אינזעל איבערען וואַסער ... ניין, ניין עָר מוז זי געפינען און ער לויפט אַרום אַ גאַנצען טאָג אָהן אָברוהע. ער פילט ניט קיין מידיקייט.

יערען פריהמאָרגען שטייט ער אויף מיט דעם שטאַרקען בעשלוס—ער מוז ... זיין ווילען רייצט איהם אונטער — „איך וויל" ,איך וויל" ... זאָגט ער זיך. זיין נשמה פאָדערט—„איך מוז", „איך מוז" חזר'ט ער איבער און ער זוכט זי און דאַכט זיך, ער איז שוין אויף אַ וועג.

אָבער איהר בילד פאַרשווינדט ניט פאַר זיינע אייגען. נור אַ מאָל פּאַסירט אַ מאָדנע פאַרענדערונג. ער פאַרשטייט עס ניט, אָבער עס איז אַזוי. גאָרניט זי איז עס—ניט מאַריע—נור ליליצקע ... אָבער ליליצקע קוקט ניט אויף איהם ... זי זיצט וויא מאַריע, דעם קאָפּ בעגראָבען איהן איהרע הענט, מיט רויטע געשוואָלענע, פאַרוויינטע אויגען און אַ בלייך, אויסגעדאַרט פּנים ... אָבער דעמאָלט קוקט אויף איהם מאַדאַם גוטסקאָוו. אַ פאַרוויינטע, מיט בלישצענדיגע טרערען אין די אויגען פרעגט זי איהם שטיל, גלייך ווי זי וואָלט איהם מורא געהאַט איצט צו פאַרלירען ...

— לעאָן, וואָס האָט איהר געטהון? ... און ער לאַכט, פריילין און פריי, וויא זיין שטייגער איז, און ענטפערט איהר.

— מאַדאַם, איך וועל פאַר איהר חתונה האָבען! ..

פרייטאָג בייטאָג האָט שוין לעאָן מאַריען געפונען. מאָרגען וועט ער זי זעהען. זיין בעשלוס איז געפאַכט, און ער זיצט איצט אויף דעם שטיין אין „צוויבער ווינקעל" און טראַכט וועגען דעם אַלטען פזמון פון זיין הייליגען אקלאַציאַסטאַנא ... ער ווייסט שוין וואָס דער גרויסער גייסט האָט אין יענער נאַכט אויסגעשריגען.

— לעאָן—האָט איהם צדק פּלוצלונג אַרוף געטהון. לעאָן האָט זיך אומגעדרייט—איהר זייט גאָר דאָ?.. איהר זייט ניט אוועקגעפאָהרען?...

— אַוועקגעפאָהרען, וואוהין? האָט לעאָן פאַרוואונדערט געפרעגט.

— איך מיין, עס טראָגען זיך אַרום אַזעלכע... האָט צדק ניט געענדיגט.

— נו, איז וואָס? איך האָב ניט די טבע צו אַנטלויפען.

— לעאָן—האָט צדק געשטאַמעלט—איז עס אמת... קען עס זיין אַז איהר האָט אונגליקליך געמאַכט אַנ׳אונשולדיג, אַנ׳עלענד קינד... און טרערען האָבען זיך געהערט אין זיין קול.

— ניין, בראַפּמאַן, אונגליקליך געמאַכט... ניין. איך וועל פאַר די גליקליכע מינוטען פון מיין לעבען גוט בעצאָלען.

— בעצאָלען?... האָט צדק געציטערט. — אונמענש. דער פרייז פון מאַריעם ליעבע איז ביי איהר—חתונה האָבען פאַר איהר.

— און איך וועל פאַר איהר חתונה האָבען—האָט לעאָן רוהיג געענטפערט.

— וויא? האָט צדק אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגען אויף לעאָנען און האָט איהם פאַרוואונדערט אָנגעקוקט.

— איך וועל פאַר איהר חתונה האָבען... איך וויל אַזוי, אַזוי וויל מיין נשמה...

— ליבט איהר זי דען?

— ליעב איך זי? הם... און לעאָן האָט וויא פאַר׳חלומ׳ט צוגעמאַכט אויף אַ ווײַלע די אויגען. אָבער באַלד האָט ער זיך אויפגעכאַפּט וויא פון אַ שלאָף, ווידער לעבעדיג, פריילין, פריי אין זיינע בעוועגונגען.

— צדק, האָט ער שוין לייכט און פריי און שטיפעריש געשפּאַסט, פאַרשטייסט, ווען אַ יונגער מאַן ווערט צייטיג אין ווארשא—געפינט ער זיין זווג אין ווארשא, און... ער פאַרליבט זיך דאָרט. ווען ניט, יוען די צייט און די אומשטענדען פאַרוואַרפען איהם קיין מאָסקווע—געפינט ער זיין זווג אין מאָסקווע און... ער פאַרליבט זיך דאָרט. און טאָמער דאָרט אויך ניט; פאָרט ער אַוועק קיין אַמעריקאַ, טרעפט אין נו-יאָרק זיין קאָונער זווג און... פאַרליבט זיך אין נו-יאָרק...

— אָה, בראַפּמאַן, בראַפּמאַן, ליבע שאַפט דעם מענשענס זעלע; זי פאַלט ניט אַראָב פון דעם הימעל... איך האָב מאַריען דאָ געפונען... ליעב איך זי? איך וועל זי פּרואווען ליעבען... איך וועל די ליבע בעשאַפען...

— וועט איהר אָבער גליקליך זיין? וועט איהר קענען אַזוי לעבען?

— דאָס וועט די צייט ווייזען, בראַפּמאַן, פּונקט ווי נור זי אליין ווייזט עס ביי אַלע די וואָס גלויבען אַז זיי האָבען זיך ליעב...

— איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי אייך... האָט צדק שוין מיט גיפט געזאָגט. — איהר האָט געהאַנדעלט וויא אייך האָט זיך געגלוסט—וויא איהר האָט געוואָלט—פריהער, איידער איהר האָט אַניאיידעל קינד פאַרפירט; דערמאָלט ווען איך האָב ניט געוואַגט אַזוי צו האַנדלען. איצט אָבער ווען מיין נשמה צערייסט זיך אויף שטיקער, ווען איך וואָלט שוין אפשר געהאַנדעלט וויא מיר ווילט זיך—קענט איהר ניט האַנדלען וויא אייך ווילט זיך: איהר קענט ניט אָבלאָזען דאָס לעבען.. עס וואָלט אייער געוויסען פערגיפטעט... איך פאַרשטיי אייך, איך פאַרשטיי אייך...

— ניין, בראַפּמאַן, איהר פאַרשטייט ניט. איך האַנדעל

איצט, וויא פריהער, נאָך דעם באַגעהר פון מיין נשמה. אַזוי האָב איך פריהער געוואָלט און אַזוי וויל איך איצט. איך לעב אַזוי ווייט וויא מעגליך נאָך מיין איינענעם ווילען. איך וויל אָבער ניט גע־ניסען דאָס לעבען דורך די טרערען פון אַנדערע ...

— איהר ווילט ניט געניסען דאָס לעבען דורך די טרערען פון אַנדערע—האָט צדק פאַמעלאַך געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ... אוןביידע פריינד האָבען זיך לאַנג, לאַנג אָנגעקוקט. צדק האָט גע־קוקט אויף לעאָנען דורך די פאַרזאָטענע טרערען אין זיינע קלאָהרע געלאַסענע אויגען . . .

# אינהאלט